יודישע

# פאלקס-צייטונג

22 Juli 1903. פערלאג „פאלקס-בילדונג“ ווארשא. כ"ז תמוז תרס"ג.

די רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג“ איז מודיע, אז זי איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

# „הילף“

## די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק וועט

## געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם דאזיגען סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די בעסטע שריפטשטעלער, וואס שרייבען זשארגאן אונ העברייאיש אונ אויך די וואס שרייבען אין אייראפייאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.

ביז יעצט האבען זיך אנגערופען מיטצוארבייטען אין זאמעל-בוך „הילף“: נישט יודישע שריפט-שטעלער: לעוו טאלסטאי; מאקסים גארקי; וולאדימיר קאראלענקא; אנטאן טשעהאוו; עליזא ארזשעשקא; ראשעל חין; פראפעסאר באזשענאוו.

יודישע שריפטשטעלער: מענדעלי מוכר ספרים; שלום עליכם; דוד פרישמאנן; בן-עמי; עזרא גאלדין; מנשה מרגליות; אלעזר שולמאן; ד"ר מ. י. בערדיטשעווסקי; מרדכי בן הלל הכהן; ד"ר י. ליאקומאוויטש; מ. מ. הורוויץ; א. ד. ראזענטהאל; יעקב כהן; י. ח. ראבניצקי; יוסף יפה; דוד פינסקי; י. לערנער; יהודה שטיינבערג; ליפמאן לעווין.

די ווייטער צוגעקומענע שריפטשטעלער וועלען מיר מודיע זיין אין אונזער צייטונג.

**דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.**

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג“.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . . 5 .
פירטעל־יעהרליך . . . 2.50 .
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענ׳.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם״: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

# יודישע פאלקס־צייטונג

א וואכען־בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.





די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן אונ אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ":
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם״: יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר׳ אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל אונ דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 80 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

22 Juli 1903. Nr. 30. כ״ז תמוז תרס״ג.


## אונזערע פארטייען.

ניט וועניג קלאג־ליעדער זענען פערפאסט געווארען אין אונזער ליטעראטור וועגען דעם פירוד הלבבות, וואס הערשט ביי יודען, איבער די מחלוקת, וואס די פארטייען האבען אריין געטראגען אינ׳ם פאלק. אונ ווי די היסטאריע ווייזט אונז האט טאקי יעדע נייע פאלקס־פארטיי, וואס האט זיך געבילדעט, אריין געבראכט א מיש־מאש אין אונזער לעבען אונ האט דעם גרויסען גאנצען נאציאנאלען קערפער פונאנדער גענומען אברים־ווייז.

פאר וואס שאדען די פארטייען קיין אומה ולשון ניט? פאר וואס קומט עס אויס גאנץ נאטירליך ביי די געבילדעטע פעלקער? אין פראנקרייך, צום ביישפיל. רייסט מען זיך אונ מען בייסט זיך אין דעם פארלאמענט, די פארטיי ציהט אהין אונ די אהער — אונ קיינער בעקלאגט זיך גאר אויף דעם ניט, מען האלט, אז עס דארף זיין אזוי.

ווען מיר זאלען אבער בעטראכטען ריכטיגער אין וואס עס בעשטעהען די חלוקי־דעות אונ צוליב וואס די פארטייען שטרייטען, פארענטפערט זיך די קשיא גאנץ לייכט. אין די פאליטיש־איינגעארדענטע מדינות, וואו אלע שטרעבען גלייך צום גליק פון דאס לאנד, אלע ווילען די מדינה אויפהויבען העכער אין איהר עקאנאמישען אדער קולטורעלען מצב, נאר יעדע פארטיי דאכט זיך, אז נאר ווען די מלוכה וועט געהן מיט איהר דרך וועט עס זיין א גליק פאר דער מדינה, — דארטען ווען דאס פאלק איז מעהר נוטה צו איין פארטיי, גיט עס א רוב־דעות די דעפוטירטע פון דער פארטיי אונ דא קאן שוין קיין געגנערשאפט ניט זיין. האט נאר איין פארטיי געוואונען פאר זיך דעם רוב פון פאלק — איז פארפאלען, געבען זיך אלע איבעריגע פארטייען אונטער אונ ארבייטען האנט ביי האנט פאר דאס נוצען פון לאנד, ווייל סוף כל סוף וויל דאך קיינער ניט פיהרען קיין נצחון, יעדער מיינט דאך די טובה פון פאלק.

ווען אבער עס ווערען בעשאפען פארטייען אויפ׳ן גרונד פון גלויבען אדער געדאנקען, ווי עס איז, למשל, געוועזען ביי אונז אין די גאנצע צייט פון גלות; ווען יעדערן דאכט זיך, אז נאר ער האט געפונען דעם אמת, אז נאר ער פארשטעהט די סודות פון דער בריאה — קאן דא קיינמאל ניט זיין קיין אונטערגעבען זיך. יעדער עקשנ׳ט זיך איין אונ וויל דווקא אויספיהרען. קיין איבערצייגונג קאן דאך דא ניט זיין אונ קיין רוב־דעות העלפט דא אויך ניט, ווייל אפילו איין מענש קאן אין איין אידעע שטרייטען מיט א גאנצע וועלט. פון אזא מין מלחמה קומט ארויס די מחלוקת, וואס האט אויפגעגעסען אונזערע כחות אונ צעבראכען אונזער לעבען, וואס האט זיך סיי וסיי געהאלטען אויף א האר.

מיט איין ווארט: א פארטייען־שטרייט איז נאטירליך — ווען זי קאן אמאל אויפהערען, בשעת די נוצען פון פאלק פאדערט עס, אונ זי איז נישט נאטירליך בשעת זי מוז זיך תמיד ציהען אהן א ברעג, אהן א סוף.

אונ ווער ווייסט ביז וואנען עס וואלט זיך ציהען אונזער רוחניות׳דיגע מלחמה ווען עס וואלט ניט געווארען די ציוניסטיש־פאליטישע בעוועגונג. דא האבען גלייך די פארטייען אריבערגעטראגען זייערע געוועהר פון דער לופט אין לעבען אריין. דאס איז די ערשטע בעוועגונג אין גלות, וואס האט שוין גאנץ נאטירליכע פארלאמענטאריש־פאליטישע פארטייען.

שוין ביים צווייטען קאנגרעס איז לייכט געוועזען צו בעמערקען, אז די ארטאדאקסיע האט זיך ווי צונויף גערעדט צו פערטיידיגען איהרע אינטערעסען אין דעם ציוניזם. זיי ווילען, אז דער ציוניזם זאל ניט נאר ניט פארקלענערען די מאכט פון דער פרומער פארטיי, נאר ער זאל נאך ווירקען אויף דער יוגענד אין פרומען זין. צו לעצט האט זיך די פארטיי פארשטארקט אונ ארגאניזירט אונטער׳ן נאמען „מזרחי״.

עס איז אויך גאנץ נאטירליך, וואס די יוגענד, וואס איז אביסל פרייער געוועזען — האט דערצו ניט איינגעשטימט. זיי פאדערען, אז

דער ציוניזם זאל אויף זיך קיין פרומע מאסקע ניט האבען, ווייל ער איז א נאציאנאלע בעוועגונג, ניט קיין רעליגיעזע. אלס ציוניסטען, דאס הייסט אלס פארשטענדיגע יודען דארפען מיר גאר עפּיס אנדערש טוּן: פארשפּרייטען אלגעמיינע און יודישע בילדונג. און כדי צו צוציהען די גרויסע יודישע מאסע, מוז מען זעהען, אז די בעוועגונג און אלע איהרע גרינדונגען, ווי צום ביישפּיל די קאלאניאל־באנק, דער נאציאנאל־פאנד, זאלען טראגען אויף זיך א הויל פאלקס־כאראקטער, אהן יחוס און אהן אונטערשיד פון רייך צו ארים. אט די יוגענד־פארטיי האט זיך אויפ'ן פינפטען קאנגרעס ארגאניזירט אונטער'ן נאמען „דעמאקראטישע פראקציע".

די דריטע קולטורנע פארטיי געהט צו צו דעם ציוניסטישען אידעאל פון איין אנדער שטאנדפּונקט. זי מיינט, אז דער גייסט איז דאס איינציגע איינענטום, וואס האט אוועקגעשטעלט דאס יודישע פאלק אויף אזא הויכע מדרגה צווישען אלע פעלקער און דעריבער איז דאס אבהיטען פון יודענטום בילכער פאר דעם קיום פון יודען. אז עס וועט זיין א יודענטום וועלען זיין יודען אויך, אבער אהן דעם הערען דאך יודען אויף צו עקסיסטירען אלס יודען. דאן זענען זיי דאך סתם מענשען. דעריבער דארפען מיר פריהער פאר אלץ שטרעבען צו שאפען פאר דעם יודישען גייסט א צענטרום אין פאלעסטינא. דאס איז איינס. צווייטענס זענען מיר נאך גאר ניט צוגעגרייט צו פיהרען א פאליטישען לעבען, מיר האבען זיך שוין אזא צייט אבגעוואהנט פון דעם — דארפען מיר זיך פריהער ערציהען אין פאליטישען זינען און צוליב דעם איז וויכטיג א ברייטע קולטורעלע ארבייט דא אין גלות.

די אלע פארטייען לעגען ארויף אויף דעם ציוניזם נאך א התחייבות אויסער זיין פאליטישע ארבייט. די פרומע ווילען ער זאל ווירקען אויף פרומקייט; די פרייע — אויף בילדונג; די קולטוריסטען — אויף יודישע קולטור. מען קאן אבער מורא האבען, אז דער טפל, דאס צוגעגעבענע זאל ניט ווערען איין עיקר און דער עיקר א טפל, ווי מיר האבען שוין געהאט אזעלכע ביישפּילע אין דער געשיכטע און דער סוף קאן זיין, אז מיר וועלען אנווארפען דעם ציוניזם אזוי פיעל זייטיגע ארבייט, אז ער וועט זיין הויפּט־ארבייט נישט קענען טון: צו בעקומען א פאליטיש־פארזיכערטע היים פאר'ן יודישען פאלק. דערפאר בילדעט זיך יעצט א פארטיי ריין־פאליטישע פארטיי, וואס וועט שטרייטען געגען אבי־וועלכע שטרעמונג אין ציוניזם און אכטונג געבען ער זאל זיך מיט קיין אנדער ארבייט אויסער מיט זיין פאליטיק ניט פארנעמען.

די אלע פארטייען האבען דאס פולע רעכט צו האבען א קיום אין דער צייט ווען די בעוועגונג קאן זיך געהן רוהיג איהר וועג און דאס פאלק קאן רוהיג שטעהן און אבווארטען וואס עס וועט דערפון ארויסקומען. דענסטמאל קענען זיך די פארטייען ארגאניזירען און פארנעמען זייער ריכטיגען פלאץ אין דער בעוועגונג, ארויסטרעטען אפען מיט'ן גאנצען ווילען פון א פארטיי ביי א וויכטיגע פראגע און ווייטער פארשווינדען אין די ארבייטס־צייט.

עס זענען אבער דא צייטען ווען אלע פארטייען הערען אויף צו עקסיסטירען אלס אזעלכע און ווען זיי זענען מחויב זיך צו פאראייניגען מיט זייערע ביטערסטע געגנער; דאס איז דענסטמאל ווען עס שוועבט א סכנה אויף דעם גאנצען פאלק, פאר וועלכעמס נוצען זיי שטרייטען.

זאל צום ביישפּיל ארויסברעכען א מלחמה אויף פראנקרייך — שטעלען זיך אין פראנט צוגלייך קאמבס פארטיי מיט די יעזואיטישע ארדענס, חאטש היינט זענען זיי דם־שונאים. ווייל זייערע פאלקס אינטערעסען שטעהען ביי זיי העכער פאר זייערע פארטיי־אינטערעסען.

אין אזא צושטאנד געפינען מיר זיך איצטער איין. מיר האבען אקארסט איבערגעלעבט אזא קריזיס, וואס וועט ניט אזוי געשווינד אריבער און מיר מוזען אלע זוכען א מיטעל ווי דעם אונערטרעגלי־

# פעליעטאן.

## אין די וואַרמבעדער

(בילדער, טיפּען, באגעגענישען, צרות און פארגניגען.)

פון

**שלום־עליכם.**

א.

(א ווייב מיט „נערוועז". די באברויסקער דאמע, מיר פרעגלען איינגעמאכטס.)

„איידער נעמען א ווייב איז גלייכער זאלסט זיך אויסברעכען א פוס", אזוי האט געזאגט איינער א פילאזאף, (איך האב מורא אויב ניט סאקראט?) און איך זאג איידער האבען א ווייב מיט „נערוועז", איז גלייכער גאר ניט געבוירען ווערען אויף דער וועלט.

דאס זאגט אייך ניט קיין פילאזאף, ניט קיין שרייבער וואס זיצט זיך ביי'ם שרייבטיש און טראכט אויס מעשיות פונ'ם קאפּ, דאס זאגט א פראסטער בשר ודם, א יוד א בעל־הבית, וואס גאט האט איהם נעהאלפען, ער האט נעחאפּט די נראבע עטליכע קלינגערס, ארום־נעטריבען דעם קבצן פון שטוב, אריבערגעפאהרען מיט ווייב און קינדער קיין בויבעריק אויף א דאטשע, בעקאנט מיט דאקטוירים, מיט רעצעפּטען, אפּטייקען, נידראפּאטיע, מאסאזש, צרות, שלעק—חי געלעבט;

דער גרעסטער אומגליק פון אלע אומגליקען אויף דער וועלט איז דער דאקטאר, און ניט אזוי דער דאקטאר ווי דעם דאקטארס קאבינעט, וואס מע דארף דארטען זיצען און שוויצען, בלעטערען די גאזעטען וואס ליגען אנגעגרייט אויפ'ן טיש און אנקוקען נישט קיין בעקאנטע פנימער אלערליי, וואס קוקען אויף אייך, און איהר קוקט אויף זיי, און פון ניט האבען וואס צו טהון, הויבט איהר אן דורכצוווארפען זיך מיט רעד: „שוין לאנג אז איהר קורירט זיך? וואס איז אייער שלאפקייט? וואוהין רעכענט איהר פאהרען אויף דער קור?" און אזוי ווייטער.

מיין חיה עטיל זאל געזונט זיין איז א מענש, וואס האט פיינט זיצען און שווייגען, האט זי זיך צערעדט מיט עפּיס א דאמע, א ליטוויטשקע, דאכט זיך פון באברויסק, און איז געווארען צו איהר צוגעקלעבט. וואס האט זי אזעלכעס דערזעהען אויף דער באברויסקער דאמע ווייס איך ניט; נאר מע איז געווארען גיך נפש אחת. מיין חיה עטיל האט מיר געזאגט, אז ס'איז ביי זיי ביידע איין חולאת. אין וואס בעשטעהט זייער חולאת? אין גאר ניט. וואס זיי זאלען ניט דערהערען אויף יענעם, דאכט זיך זיי אויס, אז ביי זיי איז אויך דאס אייגענע, לאז

כען לעבען צו פארבעסערן. און ביי אזא מצב איז א זינד פאר דער פארטיי, וואס וועט אנהויבען ביים נעכסטען קאנגרעס איהרע אינטערעסען צו פארטיידיגען. אלע פארטייאישע אינטערעסען מוזען איצט פארגעסען ווערען אויף א געוויסע צייט, ביז אונז וועט געראטען וואס עס איז צו געפינען פאר אונזער פאלק. און צו געפינען איז ניט אזוי לייכט, עס פאדערט זיך דערצו א סך הענט, א סך מחות, פיעל קרעפטען, פאראייניגטע קרעפטען. און יעדע קראפט, וואס ווערט אנגעווענדעט אויף די פארטיי־אינטערעסען פעהלט אונז צו דער פאלקס־ארבייט.

און ווי נייטיג איז אונז יעצט אויך די הילף פון די איבעריגע פאלקס־פארטייען, וואס געפינען זיך איין ניט אין דער ציוניסטישער ארגאניזאציע! ווי גוט וואלט עס געווען, ווען אין אזא מאמענט וואלט ביי אונז ניט געווען קיין דור־הפלגה: דער זאל ציהען אהער און דער אהין, נאר איין ווילען זאל אלעמען בעלעבען: צו העלפען דאס פאלק! ווי לייכט וואלט אונז געווען אריבערצוטראגען דעם שמערץ, ווען מיר וואלטען פיהלען, אז מיר זענען אלע ברידער, אלע מיט איין געפיהל און איין שטרעבונג!

מיר פריווען געבען אונזער ברידערליכע האנט אלע יודען. וואס פיהלען דעם פאלקס־ליידען, מיר פריווען זיי רופען צו העלפען זוכען פאר'ן פאלק א מיטעל צו זיין אומגליק, א רפואה צו זיין וועהטאג — טאמער וועט זיך ווער עס איז אנרופען.

פארגעסט אויף א וויילע אייערע חשבונות, לעגט אוועק אן א זייט אייערע פארטייאישע אינטערעסען, פאראייניגט זיך האטש אויף איין מאמענט, לאמיר זיין האטש אויף איין ווייליע א פאלק, איין גאנץ, שטארק פאלק!

טש.

---

# צווישען אונז גערעדט.

אין פריהערינען ארטיקעל (נומער 24) האב איך געבראכט איינינע פאקטען ווי דער עולם, לייענענדיג אין די צייטונגען די פיעל נדבות, וואס ווערען געגעבען פאר די פאראומגליקליכטע יודען אין קישינוב, האבען אנגעהויבען פאנטאזירען, אז פון די נדבות וועלען זיך אנקלויבען מיליאנען.

— פון אזוי פיעל געלד וועלען די פאראומגליקליכטע, קישינובער יודען ווערען רייכער פון די ניט פאראומגליקליכטע, הערט דער עולם עד היום ניט אויף צו רעדען.

פון דעם חשבון, וועגען די געלדער, וועלכע זענען ביז דעם 7־טען יוני אריין אין קאמיטעט, וואס איז געגרינדעט געווארען צו העלפען די פאראומגליקליכטע יודען, זעהען מיר ווי דער עולם האט טאקי צו פיעל פאנטאזירט, די מיליאנען האבען זיך געפונען ביים עולם אין קאפ, אבער ניט אין קאסע פון קאמיטעט, ווי עס פעהלט נאך א סך ביז איין איינציגען מיליאן.

ביז דעם 7־טען יוני איז אריינגעקומען אין קאמיטעט 736,476 רובל מיט 2 קאפ.

די גרעסטע סומע איז אריינגעפאלען פון פארשידענע שטעדט אין רוסלאנד און דורך די רעדאקציעס 463,670 רובל 42 קאפ. דערנאך געהט אמעריקא 192,443 רובל, דייטשלאנד 35,675 רובל 22 קאפ. ענגלאנד 16,001 רובל, עסטרייך 10,000 רובל, פראנקרייך 9248 רובל 20 קאפ. איטאליע 5000 רובל, רומעניע 3023 רובל, האלאנד 1000 רובל.

פון פאגראם האבען שאדען געהאט בערך 2750 פאמיליעס, בקשות וועגען הילף זענען ביז איצטער אנגעקומען פון 2538 פאמיליען אויף א סומע פון 2,332,890 רובל.

און צוזאמענגעקלויבען האט זיך מעהר ניט ווי 736,476 רובל,

---

עמיצען אנהויבען שטעכען אין א זייט, שטעכט ווי אויך. א צאהן איז א צאהן; איין אויהער איז איין אויהער; א פוס איז א פוס — אז מע שמועסט אלסדינג וואס ביי יענעם איז ביי זיי; זי איז שוין אויסגעווען, די באברויסקער דאמע, וואו די וועלט האט איין עק און איבערגעטהאן כל המיטלען שבעולם — עס העלפט ניט!

— וואס זשע זאגט דערויף דער דאקטאר? — פרעגט ביי איהר מיין חיה עטיל מיט נרוים מיטלייד צו דער באברויסקער דאמע.

— וואס זאל ער זאגען? ער ווייסט אליין ניט. ער זאגט אז ס'איז „נערוועז" און הייסט מיר פאהרען קיין אויסלאנד אין די ווארמבעדער.

פון דעמאלט אן האט מיין חיה עטיל בעקומען „נערוועז", נאר איהר מיינט גלאט נערוועז? נערוועז צו נערוועז איז ניט גלייך, די נעכט וואס איך בין געבען איהר אויסגעזעסען זאל מיר נאט ניט רעכענען! וואס טייג אייך, ס'איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז איך האב ניט געטארט א טריט טהון, א הוסט טהון, א ריהר טהון זיך; א מינדסט נארישקייט, א ווארט, אז איך האב אויסגערעדט — „וואס האסט דו צו מיינע נערוועז?"

בקצור ס'איז געבליבען, אז מיר פאהרען קיין אויסלאנד אויף דער קור. וואוהין? דאס וועט מען אונז שוין א ידיעה געבען ביים פראפעסאר אין וויען אדער אין בערלין, און איך האב גענומען מאכען זיך א פאס קיין אויסלאנד און מיין חיה עטיל האט זיך דערוויל צו

נעגרייט אביסל מלבושים מיט היטעלעך אין וועג אריין, איינקויפען, טשעמאדאנעס, קארזינעס און קוישלעך, און פרענלען איינגעמאכטס. איז דאכט זיך וואס נעהר זיך אן מיט מיר מאנסביל, היטעלעך, מלבושים קוישלעך און איינגעמאכטס? ניין, עס נעהר זיך, זאגט זי, אן; דו פאהרסט, זאגט זי, גלייך מיט מיר, מענסט דו זיך, זאגט זי, אביסל אנטהון א מיה, זיך „מטריח זיין". די ווערטער זיך „מטריח זיין" זענען נעזאגט געווארען מיט אזא טאן און מיט אזא נגון, וואס סע שווער ארויסצוגעבען דאס אויף פאפיר, אויב איהר האט א ווייב און זי האט „נערוועז", בעדארפט איהר זיין אביסל בעקאנט מיט דעם טאן און מיט דעם נגון.

און עס האט זיך אנגעהויבען א חתונה מיט מלבושים, מאנאזינען, קלייטען, שניידערס, מאדיסטקעס, מאדעס, ושורנאלען — אז איך האב איבערגעלעבט בשלום די דאזיגע דריי וואכען וועל איך שוין אפנים לאנג לעבען! מיין חיה עטיל האט זיך גענומען איין מאל פאר אלע מאל, איבערשטשעגאלא'ען וויען און בערלין און פארשעמען מאריענבאד און פראנצענסבאד און באדענבאד און אלע איבעריגע בעדער. מען איז נעשטאנען און נעפאקט אין די קאסטענס און איך האב געצאהלט חשבונות פון די קלייטען און זיך גערעכענט מיט מאדיסטקעס: קאלענקאר און קנעפלעך און העקלעך און בערשטלעך און נאז און נאך אמאל קאלענקאר, און סטעקליארוסען און פראשוועס און טאשמעס און שפיצלעך און ווידער אמאל קאלענקאר, און סאמעט און זייד און

מיט 2 קאפ. פון וועלכע עס געהט אראב 12 טויזענט רובל אויף א ספעציעלע בעשטימונג, בלייבט אין גאנצען צו פארטיילען צווישען די פאראומגליקליכטע 724,476 מיט 2 קאפ.

ווי דער חשבון ווייזט ווייטער, האט מען איינינע פאמיליעס געקאנט געבען ניט מעהר 5, 10 אדער 20 פראצענט פון זייער שאדען. ד. ה. אז איינער למשל האט שאדען געהאט 500 רובל האט ער בע־קומען 25, 50 אדער 100 רובל. (נאר א קליינע צאהל האבען בעקומען מעהרערע פראצענטען).

איצט פרעגט זיך, אויב א סך האבען געקאנט געהאלפען ווע־רען די פאראומגליקליכטע פון אזא הילף?

אודאי ניט. פון אזא הילף פארגרינגערט מען נאר די פאראומ־גליקליכטע אויף א געוויסע קורצע צייט און דערנאך בלייבען זיי אין זייער פריהער פאראומגליקליכטער לאגע.

דער׳הרג׳עטע און געשטארבענע זענען דא 47, שווער פארוואונדעטע 92, גרינג פארוואונדעטע 345, געבליבען זענען 35 אלמנות און 123 יתומים.

אויסער דעם איז דא א גרויסע צאהל פארוואונדעטע, וואס היי־לען זיך ביי פריוואט דאקטוירים און די ריכטיגע צאהל פון זיי איז שווער זיך צו דערוויסען.

אויסער די פאראומגליקליכטע זענען צוגעקומען נאך דעם פאגראם נייע פאראומגליקליכטע איבער דעם קריזיס אין מסחר און אין ארבייט און זיי מוז מען אויך העלפען.

דערצו מוז מען צוגעבען, אז די שלעכטע לאגע אין קישינוב ווערד וואס אמאל ערגער, און די געלדער, וואס מען האט ביז איצט געשיקט אויף צו העלפען, איז ווי א טראפען אין ים קעגען די גרוים פון דעם אומגליק.

און נאך אמאל מוזען מיר דערמאנען, אז אונזער עולם זאל זיך אויפהערען קארמענען מיט פאנטאזיעס אז „אויף קישינוב האט מען געגעבען אזוי פיעל געלט, אז די פאראומגליקליכטע קענען געהאלפען ווערען״. און מען האט זיך בערוהיגט, אז יעדער מיט זיין נדבה האט שוין געטאן זיין חוב קעגען זיינע פאראומגליקליכטע ברידער.

מיר דארפען ניט אויפהערען צו העלפען אונזערע פאראומגליק־ליכטע ברידער.

אמת אז אלעס קענען מיר ניט אומקערען וואס זיי פעהלט, נאר דאס וואס יעדער פון אונז קאן, מוזען מיר געבען.

מ. חיות.

---

# צווישען צייטונגען און זשורנאלען.

צניעות, ווי עס איז בעקאנט, דארפען מיר לערנען פון דער קאץ, איסור גזלה דארפען מיר זיך ארויסנעמען פון א ווערמל, און אז א יוד דארף קענען לשון קודש — דאס איז געדרונגען פון דעם פאפסט לעא דעם דרייצעהנטען.

די היינטיגע וואך זענען די צייטונגען פול מיט דעם פאפסט לעא דעם דרייצעהנטען — אפילו די יודישע צייטונגען אויך. לעבט נאך דער פאפסט אדער לעבט ער שוין נישט? — די תשובה דארויף איז געווענדט נאר אין דער צייטונג, וועלכע מען לייענט גראד. אין איין צייטונג איז ער שוין לאנג געשטארבען, אין דער צווייטער אבער לעבט ער. אין איין צייטונג לייענען מיר א טעלעגראם, וואס עס האט זיך מיט איהם אבגעטאן אין זיינע לעצטע מינוטען; אין דער צווייטער אבער לייענט מען פון איין אונטערערדונג, וועלכע ער האט גראד געהאט מיט עפיס איין אויסלענדישען געזאנדטען. אין איין צייטונג טיילען זיך שוין די יורשים איין מיט דער ירושה; אין דער צווייטער אבער לייענען מיר פון א מתנה, וועלכע ער האט גערעד בעקומען פון עפיס א משוגע׳נעם רייכען לארד. עס קאן געמאלט זיין, אז ביז דער דאזיגער ארטיקעל וועט זיין פארטיג גע־

---

מארלי און שפילקעס און ווייטער אמאל קאלענקאר, און ריוש און פוליאר און פעדערלעך און מאנשעסטער און אבער אמאל קאלענקארי. א גליק וואס איז פארהאן ביי מיר א טעלעפאן און עמיצער האט אנ־געקלונגען, מיך אוועקגערופען, לאנג לעבען זאל ער.

— ווער קלינגט?

— אינטענדאנטסקאיע פראווליעניע?

— לעבען זאלסט דו אזוי ווי איך בין אין אינטענדאנטסקאיע פראוו־ליעניע! — טראכט איך מיר, נאר איך טריט ניט אפ פונ׳ם טעלעפאן; איך האלט אין איין האנט דאס טרייבעל פונ׳ם טעלעפאן און מיט דער אנדערער צאהל איך אפ דער מאדיסטקע און בין זיך מחיה וואס איך בין פטור געווארען פון איהר און פון איהר חשבון.

נישט בעסער האב איך געהאט פונ׳ם איינגעמאכטס.

— וואס פאר איין איינגעמאכטס, זאגט זי, זאל איך פרעגלען אין ווענ אריין?

— וואסערען דו ווילסט?

— וואס הייסט איך וויל? און וואו ביזט דו?

— איך קאן מיך באגעהן, זאג איך, אהן איינגעמאכטס.

— וואס זאגט איהר אויף איהם? ער קאן זיך באגעהן אהן איינ־געמאכטס! קומט אוים הייסט דאס, אז אלסדינג איז נאר פון מיינעט־וועגען, ווארום איך בין די געוויסע פרעסער׳ן די געוויסע נאשערין...

— אבער לאז זיין שטיל, חיה עטיל. אין נאטעס ווילען! פרעגעל רויזענאיינגעמאכטס — איין עק!

— ס׳זאל ווערען נעצוקערט און מע זאל ער דארפען ארויס־ווארפען?

— נו לאז זיין ווייכשעל — פרעגעל ווייכשעל.

— איך האב טאקי מעהר ניט וואס צו טהון נאר אנידערזעצען זיך איצט ארויסנעמען די קערלעך!

— ווייסט דו וואס? פרעגעל שווארצע יאגעדעס!

— זיי זאלען צעקראכען ווערען, חכם איינער!

— פרעגעל מאלינעס!

— ס׳זאל זיין צום שוויצען? רעכסט זיך אפנים איך זאל דאר־טען גוט קרענקען?

— פרעגעל פערשקעס! פרעגעל פלאמען! פרעגעל עפעל; פרעגעל פארעשוועס! זאנטיקעס! לאמפען; האקמעסערס! ריקבעטלעך! . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

וואס סע קומט פאר צווישען אונז נאכרעם, נאך דער סצענע פונ׳ם איינגעמאכטס, קלערט אייך ווי איהר פארשטעהט, איך בין אייך ניט מחויב צו דערציילען אלסדינג.



שריבען וועט לעא זיין באמת שוין געשטארבען, און ביז ער וועט זיך אבדרוקען וועט לעא ווידער לעבען, און ביז ער וועט אנקומען צו די לעזער וועט לעא שוין ווידער זיין אויף גאנץ אמת געשטארבען. אויף א מענשען פון 94 יאהר קאן מען אפילו שטארבען אויך גלויבען! — דערווייל אבער לייענען מיר אין צייטונגען הונדערט-טויזענט מעשות און אנעקדאטען פון לעא דעם דרייצעהנטען און צווישען זיי אויך אזעלכע, וועלכע זענען נוגע אונז יודען.

לעא דער דרייצעהנטער און לשון הקודש.

די מעשה האט זיך געטראפען מיט דעם פעליעטאניסט פון „הצפירה" און מיט א באראן אין ווענעדיג און מיט לעא דעם דרייצעהנטען. איך דערצייהל אייך, וואס עס דערצייהלט דער פעליעטאניסט פון „הצפירה", וואס עס האט איהם דערצייהלט דער יודישער באראן נ. אין ווענעדיג, וואס עס האט איהם געזאגט לעא דער דרייצעהנטער. ביי אזוי פיעל דערצייהלערס און זאגערס, ווי איז שייך עס זאל נישט זיין איין אמת. איך פון מיין צד קאן א וודאי זיין איין ערב דערפאר, אז איך האב עס אליין געלייענט.

„פאר עטליכע יאהר — אזוי דערצייהלט ה' „אורח לשבת" אין נומער 148 פון „הצפירה" — האב איך מיך באקאנט אין ווענעדיג מיט דעם יודישען באראן נ., וועלכער איז געווען א דעפוטאט פון'ם איטאליע־נישען פארלאמענט. איך בין אפילו אין מיינע יוגענד־יאהרען קיינמאל נישט שטארק נתפעל געווארען פון יודישע באראנען, אבער א יודישער באראן און דערצו א דעפוטאט פון א פארלאמענט האט פארט מיך א נעם געטאן.

„נאך מעהר אבער האט אזא וואונדערליך באשעפעניש ווי איך אינטערעסירט איהם, דעם באראן. ווי מען האט מיך איהם פארגע־שטעלט און מען האט איהם געזאגט, אז איך בין א רעדאקטאר פון א לשון־קודש'ע־צייטונג, האט ער מיך אנגעהויבען צו באקוקען ווי עפים א ווילד־משונה'דיגע חיה.

— איז דאס מעגליך? און יעדען טאג? און וואו איז דא אזוי פיעל ווערטער דערצו? און ווער פארשטעהט עס? און ווי קאן מען עס לערנען? א. ז. וו.

„דער יודישער באראן איז נתפעל געווארען און האט נעקרינען דבקות. ער האט אנגעהויבען רעדען מליצות, ווי איין איטאליענער, איבער די העברייאישע שפראך."

עס איז נאטירליך זעהר פיין און זעהר גוט, דאס דער פעליע־טאניסט היפערט אריבער איבער די דאזיגע מליצות און דערצייהלט אונז נאר דעם עיקר.

איינמאל אין מיין לעבען אזוי האט איהם דער באראן געזאגט— האב איך געהאט שטארק צער דערפון, וואס איך קאן נישט קיין לשון־קודש א. ז. ו. און ווייסט דורך וועם איך האב געהאט אזא צער? דורך דעם הייליגען פאפסט אליין, הער און וואונדער זיך!

„פאר עטליכע יאהר, אין די ערשטע צייט פון דעם היינטיגען פאפסט'ס רעגירונג, בין איך געפאהרען נאך רוים, אום מיך צו באקענען מיט דעם נייען פאפסט. איך האב נאכגעפרעגט אין דעם וואטיקאן און בין געוואהר געווארען, אז אין עטליכע טעג ארום וועט דער פאפסט צונעמען א חברה עולי רגל, וועלכע זענען געקומען פון פראנקרייך. איך האב מיך בעשלאסען, זיך מיט אנצושליעסען צו דער דאזיגער קאמ־פאניע. עס איז מיר נישט שווער געווען, צו קריגען איין איינטריטסקארטע, און צו דעם בעשטימטען טאג בין איך מיט אלעמען מיט אריין אין דעם וואטיקאן. מען האט אונז געפיהרט דורך אומצעהליגע פארצימערען און צימערען. צום סוף זענען מיר אריין אין דעם גרויסען זאל, וואו עס זיצט דער פאפסט אויף זיין שטוהל. דער פאפסט איז אויפגעשטאנען און האט אלע געבענשט, אלע וועלכע זענען דארט געווען זענען אנידער געקניעט. דערמיט איז איינענטליך אלעס געווען שוין געענדיגט. אבער דער פאפסט האט גראד געהאט א גוטע שעה, דא איז ער אראב פון זיין שטוהל און איז צוגעגאנגען צו אונז און האט מיט יעדען באזונדער עטליכע ווערטער גערעדט, און אזוי ווי ער האט געוואוסט, אז די קאמפאניע קומט פון פראנקרייך, האט ער גערעדט אויף פראנצויזיש. צום סוף איז ער אויך צו מיר צוגעקומען, און ער ווענדט זיך צו מיר מיט דער פראגע: — ביסטו א פראנצויז? — איך בין דערשראקען געווען, און אנשטאט צו ענפערען: „איך בין איין איטאליענער", האב איך גע־ענפערט: „איך בין איין העברעער". ווי דער פאפסט האט דאס דער־הערט, האט ער מיר עפים געזאגט אויף לשון־קדש. איך ווייס בע־שטימט, אז עס איז געווען לשון־קדש; איך קען גענוי דעם קלאנג פון דער דאזיגער שפראך, אבער איך האב נישט פארשטאנען קיין איינציג ווארט און האב נישט געוואוסט וואס ער רעדט צו מיר, צי פרעגט ער, צי ענפערט ער עפים. דא האב איך איהם געזאגט מיט גרויס אונ־טערטעניגקיים: „גרויסער הייליגער פאטער, איך פארשטעה נישט לשון קדש;" — און ער האט מיך אנגעקוקט מיט זיינע שטראפעדיגע אויגען און האט געזאגט: „וואס ביסטו מיר פאר א יוד, אז דו קענסט קיין לשון־קדש נישט?" און האט זיך פארדרעהט צו מיר מיט דעם רוקען. מילא אז א גרוב וואלט דארט בשעת מעשה זיך עפענען, וואלט איך אין איהם אריין פאר גרויס בושה!"

נישט אמת, א שיינע מעשה?

דער מוסר, וואס איז זיך ארויסצונעמען דערפון, איז איינענטליך גאר איינפאך: יעדער פון אונז איז מחויב צו קענען לשון־קודש, דען מי יודע וואס קאן מיט אונז געשעהן מארגען. מע קאן איבער נאכט ווערען א באראן און מען קאן דורך א צופאל אריין קומען אין א וואטיקאן און רעדען מיט א פאפסט און מיאוס ארייגפאלען. און אפשר קאן גלאט אזוי אויך נישט שאטען, אז א יוד זאל פארשטעהן לשון־קודש...

---

פון די אנדערע זייט ווידער איז אמאל גאר נישט גוט אז מען קאן לשון־קודש, ווי מיר זעהען פון א מעשה וואס האט זיך גע־טראפען מיט צוויי פאעטען...

דאס הייסט, פריהער האט זיך געטראפען נאך איין אנדערע מעשה, די מעשה מיט קישינוב, דערנאך האט זיך געטראפען די מעשה מיט פאעטען בכלל, און דערנאך ערשט די מעשה מיט די צוויי פאעטען בעזונדער.

הימעל און ערד און — קישינוב. זייט די קישינובער מעשה האבען אונזערע פאעטען נאך נישט אויפגעהערט צו שרייבען שירים דערפון. מילא, אז דער גרעסטער טייל פון די דאזיגע שירים וואלטען ווערען צעריסען אין קישינוב, אנשטאט די ספרי־תורות, וואס זענען געווארען דארט צעריסען, וואלט עס מיך גאר נישט אנהויבען ארען. די גאנצע טרייסט איז נאר וואס מען קריגט אמאל א רעכטע זאך אויך צו זעהן...

אין דעם לעצטען העפט פון דעם זשורנאל „השלח" (אייר תרס"ג) געפינען מיר א שיר פון ח. נ. ביאליק. מילא אז ביאליק שרייבט א שיר איבער די שרעקליכע רציחות, קאן מען פארשטעהן,

אז עס נעמט אן פאר'ן הארצען און קריכט אריין אין אלע עצמות. איך האב אזא הארץ־צערייסענדען קרעכץ שוין לאנג נישט געהערט. יעדעס ווארט איז א קויל, און די שפראך איז אזוי שען, אזוי געוואלטיג, ווי נאר ביאליק פארשטעהט זי צו שרייבען. איך מוז דא ברענגען דערפון וועניגסטענס עטליכע שורות — נאטירליך גאר אין א פרייע איבערזעצונג און אהן יענע שיינקייטען פונ'ם אריגינאל:

„דו תלין! נאדיר דעם האלז — נעם און שחט!
צעפליק מיך ווי א הונט — דו האסט דאך א האנט און א האק;
די גאנצע וועלט איז מיין עשאפאט —
און מיר, מיר זענען א גאר נישט!
נעם די האק, שפאלט דעם מח, לאז שפריצען דאס בלוט,
בלוט פון יונג און אלט אויף דיין העמד —
און קיינמאל זאל עס אבגעמעקט נישט ווערען!"

מאכט זיך אבער א מעשה, אז עס איז פארהאנען נאך א צווייטער יודישער פאעט, איינער וואס זיין שפראך איז שוין נישט אזוי שען און געוואלטיג, אבער ער איז פארט א פאעט און אפילו א זעהר בעריהמטער, און דעם דאזיגען פאעט טרעפט זיך אלעמאל איין אומגליק, אז וואס ער שרייבט האבען אנדערע שוין געשריבען פאר איהם אדער אנדערע שרייבען דאס צוגלייך אין איין צייט מיט איהם — ווי אזוי דאס מאכט זיך אזוי, דאס נאטירליך איז פראסט מעשה נסים.

אין נומער 105 פון דער צייטונג „הצופה" לייענען מיר א שיר פון י. ל. פרץ און מיר שטעלען זיך אב ביי די דאזיגע שורות:

„אוי אומבארמהארציגער תלין — —
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
— — — — נעם דעם חלף
— — —
— — —
שטעך אריין! אין מיינע אדערען איז דאס בלוט ניט געגליווערט
— — — — — — — — — —
נאדיר מיין האלז מיט די סמנים, אט איז ער!
שטעך אריין!"

די שפראך איז, ווי געזאגט, שוין נישט מעהר אזוי שען און געוואלטיג ווי ביי ביאליק. אבער דער געדאנק איז פארט אין גאנצען דער איינענער און אויך דער גאנצער אינהאלט פונ'ם געדיכט. אז צוויי פאעטען זאלען ביידע זינגען, גלאט אזוי צופעליג, אויף איין שטייגער — דאס נאטירליך איז פראסט א נס. אפשר אבער בין איך פארט גערעכט, אז עס טויג אמאל נישט וואס מען קאן לשון־קודש, דען עס מאכט זיך אמאל, אז איין שרייבער קוקט דאדורך אריין ביי דעם צווייטען און חאפט איהם אויס... לעקטאר.

---

# פאליטישע ענינים.

(סערביע אנשטאט בולגאריע איין אומזיסטער פחד. אמעריקא איז מקנא ריסלאנד יאפאן איז צופריעדען אויף א פשרה.)

בולגאריע, וועלכע זייט א יאהר איז די אייראפייאישע פאליטיק מיט איהר בעשעפטיגט, האט אויף א קורצע צייט אבגעטרעטען איהר ארט אויף דער פאליטיק־וועלט איהר שכנת'טע סערביע. די מאקעדאנישע פראגע, מיט וועלכע אלע צייטונגען האבען זיך פאראינטערעסירט און יעדער האט זיך געזאגט זיין מיינונג וועגען איהר לויט זיין שכל אדער זיין ווילען, איז אויף א קורצע צייט פארשוואונדען געווארען; גלייך ווי מיט איינמאל האט אויפגעהערט די גאנצע פראגע צו עקסיסטירען, גלייך ווי די דינאמיט־ווארפער האבען געוואוסט, אז די וועלט אינטערעסירט זיך מיט עפיס אנדערש, מיט עפיס וויכטיגערס ווי מיט זיי, און זענען דעריבער די גאנצע צייט רוהיג געוועזען. די סערבישע פראגע האט דוחה געוועזען אלע אנדערע וועלט פראגען און דער גאנצער עולם האט ערווארטעט מיט א פיעבערדיגע אונגעדולד דעם סוף פון די מהפכה אין סערביע. יעדער האט געוואלט שוין וויסען ווי דער נייער קעניג וועט זיך נוהג זיין; וועט ער האלטען מיט דער אדער מיט יענער פארטיי, וועט ער די רוצחים אויפהענגען, אדער זיי מאכען פאר מיניסטארען. קוים אבער איז די לאגע אין סערביע א ביסל רוהיג געווארען, און די אייראפייאישע מלוכות האבען קיין גרויסען ווערט אויף דעם פארפאל אין סערביע נישט געלעגט, אז רוסלאנד האט יוצא געוועזען מיט געבען א גוטע עצה דעם נייעם קעניג, אז ער זאל די רוצחים באשטראפען און ענגלאנד וויל גאר, אז מען זאל די צוויי הויפט־מערדער, מישיטש און מאשין, ארויסשיקען פון לאנד וועט זי צוריק אריינשיקען איהר געזאנדטען אין בעלגראד, האט די מאקעדאנישע פראגע זיך צוריק בעוויזען אויף דער וועלט און ווי איינער וואס רוהט זיך אב א לאנגע צייט פון ארבייט נעמט זיך דערצו שפעטער מיט מעהר כח און ענערגיע אזוי האט זיך בולגאריע ווידער גענומען צו דער זאך מיט מעהר פרישקייט, זי זאגט, אז עס מוז צווישען איהר און טערקיי אויסברעכען א מלחמה, אז נאר די שווערט קאן זיין דער שופט צווישען זיי ביידע און דער פחד פאר א מלחמה האט ווידער זיך פארצויגען אויף דעם אייראפייאישען הימעל. אבער ווי מיר האבען שוין נישט איינמאל אויפגעוויזען, קאן נאר זיין א מלחמה אויף דעם איינעם ארט אויף דעם באלקאנישען האלבאינזעל, ווייטער קאן עס נישט קומען און בולגאריע, אויב זי וועט האבען א מפלה אין דער מלחמה, וועט נאר קענען קלאגען אויף איהר איינענע שולד, דען די אייראפייאישע מלוכות האבען איהר גענוג מתרה געוועזען, זי זאל לאזען רוהיג און לאנגזאם איינארדענען די רעפארמען, וואס די רוסישע און עסטרייכישע רעגירונג האבען די טערקיי געראטען זי זאל דארט איינפיהרען.

אומזיסט איז אויך דער פחד פאר א מלחמה צווישען רוסלאנד און אמעריקא וועגען מאנדזשוריע. אמעריקא וואס זייט זי האט געהאט דעם נצחון איבער שפאניע, האט שטארק חשק בעקומען צו בעהערשען אפילו די לענדער, צו וועלכע זי האט גאנץ וועניג שייכות, אמעריקא פארדריסט זעהר וואס רוסלאנד האט געשלאסען מיט חינא א האנדעלס־פארטראג און האט אין מאנדזשוריע געבויט א באהן. אמעריקא ווייסט גאנץ גוט, אז רוסלאנד'ס כוונה מיט דער באהן איז נישט גלאט אוועקצונעמען א פרעמדע שטיק מדינה, נאר דער האנדעל פון רוסלאנד פאדערט, אז זי זאל האבען א באהן אין חינא, כדי צו קענען איהרע סחורות צושיקען אין יענע געגענד און קאנקורירען מיט די אנדערע מדינות, וואס ליווערען זייערע סחורות אין חינא מיט דעם שיף, דאס אלץ ווייסט אמעריקא גאנץ גוט, נאר דאס קאן איהר

נישט שטערען מקנא צו זיין רוסלאנד, צו וועלכע חינא האט אזוי פיעל צוטרויען, אבער מעהר ווי מקנא זיין קאן זי נישט, באין אופן וועט זי מחמת קנאה קיין מלחמה נישט האלטען מיט רוסלאנד, אזוי ווי ענגלאנד, וועלכע האט גלייך מיט אמעריקא פארדרוס פון דעם וואס רוסלאנדס מאכט אין חינא וואכסט פון טאג צו טאג. איינס איז יאפאן וואס האט גלייכע אינטערעסען אין חינא ווי רוסלאנד, נאך מעהר. יאפאן שטאמט אב פון דעם אייגענעם געלבען שטאם, וואס די חינעזער, יאפאן וויל, אז דער געלבער שטאם זאל זיך פאראייניגען, אזוי ווי די דייטשען האבען זיך פאראייניגט און אזוי ווי רוסלאנד שטרעבט, אז אלע סלאווען זאלען זיך פאראייניגען און איהר שטעהט רוסלאנד באמת אין וועג. אבער יאפאן ווייסט, אז חאטש זי האט אין אייראפא געלערנט טכסיסי מלחמה קאן זי זיך געגען רוסלאנד נישט שטעלען און וועט דעריבער צופרידען זיין אויף א פשרה, וואס אייראפא וועט מאכען צווישען איהר מיט רוסלאנד.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— דער פרעזידענט פון פראנקרייך לובע איז דעם 6־טען יולי אנגעקומען אין לאנדאן, דער קעניג פון ענגלאנד עדווארד דער זיבעטער איז איהם ארויס אנטקעגען און דאס גאנצע ענגלישע פאלק האט איהם גרויס כבוד אנגעטאן.

— די פראנצויזישע סקולפטארען מ ע נ י ע און ש א ר פ א נ ט י ע האבען פארטיג געמאכט א מאדעל צו א מאנומענט, וואס מען וועט שטעלען צום אנדענקען פון עמיל ז א ל א. דער פעדעסטאל וועט זיין פון בלויעם גראניט שטיין. פון דער רעכטער זייט פיטערט א מוטער א קליין קינד און קוקט מיט ליבשאפט אויף איהרע צוויי עלטערע קינדער; פון דער לינקער זייט קוקען אויף דער מוטער מיט די קינדער ארבייטער אין הילצערנע שוך און לעדערנע פארטוכער און זאלא שטעהט גלייך אויף דעם פעדעסטאל און נייגט זיך פאר דער פרוי, וועלכע הויבט אויף מיט נדלות די האנט איבערן קאפ. די אלע פיגורען זענען סימבאלען אויף זאלאס ווערק „פרוכטבארקייט", „ארבייט" און „אמת".

— אין פעטערסבורגער שלאכט־הויז האט מען געמאכט פראבען צו טויטען בהמות דורך עלעקטרי. אויב די פראבען וועלען זיך איינגעבען, וועט מען די סיסטעמע איינפיהרען אין אלע שלאכט־הייזער אין רוסלאנד.

— דער יוסטיץ־מיניסטער האט פארגעלעגט די אויפזעהער אויף די אסטראגען א פראיעקט, אז וואו עס וועלען נישט זיין קיין פריוטע, פאר די ארעסטאנסקע קינדער אדער עס וועט אין די פריוטען מעהר קיין ארט נישט זיין, זאל מען די קינדער אבגעבען דעם קאמיטעט, וועלכעס גיט אכטונג אויף די ארעסטאנטען־קינדער און דער קאמיטעט זאל זיי איבערגעבען ביי מענשען, וועלכע זענען בעקאנט אלס ארדענטליכע לייט.

דער פאפסט לעא דער דרייצעהנטער איז געפעהרליך קראנק, די דאקטוירים האלטען איהם שוין פאר פארריכטעט, מען האט איהם צווייםאל געמאכט אפעראציע און דאס האט איהם זיינע שמערצען אביסל פארלייכטערט, אבער זיין צושטאנד נישט פארבעסערט. פון אלע אייראפייאישע מלוכות פרעגט מען אן אין וואטיקאן, וואס עס הערט זיך. עס איז צו בעוואונדערען די גלייכגילטיגקייט מיט וואס דער אלטער, 94 יעהריגער מאן, גרייט זיך צום טויט. ווי ווייט די קראנקהייט איז געפעהרליך, קאן מען בכלל נישט וויסען, די טעלעגראמעס, וואס קומען אן, זענען זיך סותר איינער די צווייטע; א טייל זאגען, אז ער איז שוין געשטארבען, נאר מען האלט עס נאך בסוד, אזוי ווי מען האט געטאן, ווען דער פאריגער פאפסט פיוס דער 9־טער איז געשטארבען.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** פון נייעס לעהר־יאהר וועט מען אין דער צווייטער האנדעלס־שולע אין קיוב לעהרנען יודישע געשיכטע און רעליגיע.

— אין ז ל א ד י א ו ו ק ע, א דארף 40 ווערסט פון קיעוו, זענען די פויערען בעפאלען אויף די דריי ברידער די יודען מאלינסקי און האבען זיי געשלאגען אהן רחמנות, איינעם האבען זיי אויסגעבראכען א פוס, דעם צווייטען געשפאלטען דעם קאפ און דעם דריטען האבען זיי דאס הויז אונטערגעצונדען, די פארברעכער האט מען ארעסטירט.

**פראנקרייך.** דעם בעוואוסטען יודישער שריפטשטעלער אויף פראנצויזיש ב ע ר נ א ר ל א ז א ר האט מען געמאכט איין אפעראציע אין די קישקעס, די אפעראציע איז געראטען און דער קראנקער וועט אין גיכען אין גאנצען געזונט ווערען.

— איינינע פראנצויזישע בלעטער שרייבען, אז גאר קירצליך וועט זיך אנהויבען ווידער דער משפט דרייפוס. אלס בעשולדיגטער וועט שטעהן דער גענעראל מערסיע און זיינע מיטהעלפער.

**ענגלאנד.** דער לארד מער סעמיועל אויס לאנדאן האט בעקומען דעם טיטעל „באראנעט" פון דעם ענגלישען קעניג.

**ארץ־ישראל.** אין דער קאלאניע „פתח תקוה" האט מען אנגעהויבען בויען א הויז פאר א „תלמוד תורה", וואו מען וועט לערנען יודישע און אלגעמיינע קענטניסע.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— פון 6־טען ביז דעם 9־טען יוני איז אין פ י ט ס ב ו ר נ געוועזען די זעכסטע יאהרעס־פארזאמלונג פון די אמעריקאנער ציוניסטען, די צאהל פון די דעלעגירטע האט דערגרייכט ביז 161. צווישען זיי איז אויך געוועזען דער ד"ר ש ע כ ט ע ר, דער דירעקטאר פון דעם יודישען סעמינאריום אין ניו־יארק. צווישען די בעשלוסען איז אנגענומען געווארען דער פראיעקט, אז ווען אין זייער קאסע וועט זיין 5000 דאלאר זאל מען אנהויבען ארויסגעבען א ציוניסטישע צייטונג אויף זשארגאן.

— דעם 28 און 29 יוני איז אין וויען אין „האטעל פאסט" געוועזען דער דריטער ציוניסטען טאג. די צאהל פון די דעלעגירטע האט דערגרייכט ביז 109, דערפון 97 מאנסבילען און 12 פרויען, קארעספאנדענטען פון 13 צייטונגען. די דעלעגירטע זענען געוועזען פון אלע ציוניסטישע פארטייען: פאליטישע, קולטורישע, מזרחיסטען און פראקציאנערען. באלד עלף דעם ווינער האט ד"ר הערצל זיך בעוויזען און זאל אלס נאסט. דער גאנצער עולם האט זיך אויפגעהויבען און איהם מיט פריידען געשרייען בעגריסט. דער חשבון, וועלכען דער קאסירער א י ז י ד א ר נ ע ו ו י ט ש האט פארגעלייענט, ווייזט, אז אלע אגודות אין עסטרייך האבען היינטיגעם יאהר צוזאמענגענומען 5314 שקלים.

— אויף איין אספה פון גייסטליכע, וואס איז דעם 15 יוני געוועזען אין טשיקאגא, האט מען בעשלאסען, פארצולעגען דעם פרעזידענטען ר ו ז ו ו ע ל ט, ער זאל זיך ווענדען צו אלע רעגירונגען, מען זאל פאלעסטינא אוועק געבען די יודען, אזוי ווי מען האט בולגאריע אוועק געגעבען די בולגארען און סערביע צו די סערבען.

---

# ידיעות וועגען קישינוב.

— דער קישינובער נאטאריוס פ י ס א ר ז ע ו ו ס ק י, ביי וועלכען מען האט געפונען זאכען, וואס מען האט גערויבט בשעת דעם

פאגראם און וועלכען מען האט בעשולדיגט, אז ער האט אויך איין אנטייל גענומען אין פאגראם, האט זיך גענומען דאס לעבען מיט א פיסטויל.

— דעם אמת'ען רוצח, וואס האט גע'הרג'עט דעם יונגל ריבא־לענקא אין דובאסאר, צוליב וועלכען דער קישינובער פאגראם איז ארויסגעקומען, האט מען געחאפט אין דובאסאר און אריינגעזעצט אין אסטראג. עס איז דעם יונגעלם א פעטער מיחאיל. מען רעכענט, אז מען וועט אויך ארעסטירען די אנדערע, וואס האבען איין אנטייל גענומען אין דער רציחה.

---

# א נייער אקט

## צו דער קאמעדיע „צעזייעט און צעשפרייט"*)

### בילדער פונ'ם יודישען לעבען אין פיער אקטען

פון

## שלום-עליכם.

---

די פרישע פארשוינען פונ'ם נייעם אקט:

גדליה קאטשער — דאווידקעס פאטער, א בלינדער אויף ביידע אויגען.
חוה'לי — זיין ווייב, א קראנקע יודינע.
קלארע — זייער טאכטער, מאטוויים געליבטע.
מאטקע — זייער יונגערער זוהן, וויל אריין אין גימנאזיע.
מארקושא — פון דאווידקעס גוטע ברידער, ישדכנ'ט זיך צו קלארען.
שרה פייגע — א קעכין ביי די קאטשערס, א יודינע אהן א נאז.
בליומקע — איהר טאכטער, א מיידל א מאדיסטקע.

---

## דריטער אקט.

(א געמיין מעבלירט צימער בעשטעהט פון צוויי חדרים. טיעף אין דער סצענע שטעהט א געמיינע הילצערנע בעט. — אקעגען אין ווינקעל — א פראסט הילצערען טי'שעל מיט געפעס און מיט א פארחשכ'טען סאמאוואר מיט א פארראיכטער לעמפל אויף דער וואנט. — פארנגט, פאר געסט, איין אלטע ווייבע, נאר אויסגעטריפעטע קאנאפע. א פאר שטוהלען אויך אזעלכע, א נאקעטער האלב קיילעכיגער טיש, אויפ'ן טיש א צעווארפען פעשל קארטען; אויף דער וואנט דאס בילד פון משה מאנטעפיורי. — דארט, אויפ'ן בעט ליגט די קראנקע חוה'לי; פארנגט אויף א בענקל זיצט קלארע מיט א רויט שאלעכל אויף די פלייצעס, קוקט אריין אין א ביכל. — ווייט אין ווינקעל ביים קליינעם טישל זיצט ווי א סטאטוע גדליה קאטשער מיט די בלינדע אויגען, קוקט גלייך אין איין פינטעל אריין, האלט די הענט אראפ אויף די קניהעס, ריהרט נישט מיט קיין אבר. — איבער'ן שטוב געהט ארום ווי א שאטען הין און צוריק אין דער לענג און אין דער ברייט דער קליינער מאטקע און חזר'ט גראמאטיקע.)

### I-טע סצענע

מאטקע. (האלט דאס ביכל אויפ'ן הינטען, לערנט אויף אויס־ווייניג) אימעניטעלני — דיעגני, ראדיטעלני — דיעגג, דאטעלני — דיענגאם, ווינעטעלני — דיעגני...

גדליה. דיעגני, דיעגני, דיעגני! אומעדום — דיעגני! אפילו אין דער גימנאזיע אויך דיעגני!

חוה'לי. (זעצט זיך אויפ'ן בעטל, הוסט.) אומעדום דארף ער שטופען די צונג. דאס קינד גרייט זיך צום „אקזאמענט", מישט ער זיך אריין! מיין הוסט אויף דיר!

גדליה. פארנוץ געזונט! איך זאג דען עפיס? איך שמועס נאר וואס פאר א וועלט ס'איז היינט געווארען: נאר געלד, און געלד, און געלד!

חוה'לי. כ'וואלט וועלען וויסען, ווער פרעגט ביי דיר?

גדליה. זאל איך ווארטען ביז מע וועט מיך פרעגען? לאנג האב איך מורא וועל איך דארפען ווארטען.

חוה'לי. פאלג מיך, ווער אנשטומט! כ'לעבען מעגסט שוין שטומען ווי א הונט.

גדליה. אמן, גם אתם.

חוה'לי. (צו זיך אליי'ן) נישט געווען נאך היינט דאווידקע? פאר וואס זעהט מען איהם ניט אזוי שפעט?

גדליה. וואס דארפסט דו אזוי דאווידקען?

חוה'לי. (הוסט) נו—נו! דאס געפעלט מיר דוקא, אויף וואס איך דארף אזוי דאווידקען; א שענע מעשה נאר א קורצע! מע דארף צאהלען דירה־געלד... דעם דאקטאר דארף מען צוגרייטען א האלב קערבל האטש... און דעם אפטייקער דארף מען שיקען. דער רעצעפט דער־האלט מיך ביי מיין לעבען... און נישטא א גראשען...

גדליה. א נאווינע ביי דיר זיצען אהן א גראשען?

חוה'לי. זיצען זאלסט דו אין געהאקטע וואונדען!

גדליה. אמן, גם אתם! (עס עפענט זיך די טיר, עס קומט אריין פון קעך שרה־פייגע די קארנאסע מיט א גרויסען קאשעק פיש און פלייש, ציבעלקים, קארטאפליס, פעטרעשקע, חריין און רעטיך, — אינאיינעם מיט שרה־פייגע'ן קומט אריין איהר מיידל בליומקע. — שרה־פייגע שטעלט אוועק דעם קאשעק חוה'לין אין בעט אריין און אליין זעצט זי זיך צו אויף א בענקל ביי דער זייט און בליומקע געהט צו צו קלארען.)

### II-טע סצענע

חוה'לי. (באטראכט דעם קאשעק מיט אלע גוטע זאכען) אט דאס האט איהר געקויפט?

שרה-פייגע. ניין, העהאנוועט (גענגב'עט).

גדליה. גוט געענפערט, כ'לעבען.

חוה'לי. אט איז ער דא, מיין הוסט אויף דיר; (פארהוסט זיך).

גדליה. פארנוץ געזונט.

קלארע. וואס מאכסט דו, בליומקע, זיץ.

בליומקע. (זעצט זיך צו אויף איין עק בענקל) וואס זאל איך מאכען? קלארעניו מיין הארץ! (קוקט זיך ארום) איך האב א בריוועל... ערשט היינט באקומען פון מיין חתן... לייענט דאס מיר איבער, קלא־רעניו, איהר קאנט. (גיט איהר איבער דאס בריוועלי, קוקט זיך ארום צי קיינער זעהט ניט. קלארע לייענט פריהער אליין).

חוה'לי. (טאפט איבער מיט די הענט איטליכם ברעקל וואס אין קאשעק) שיינע פישלעך! גאלע ביינדעלעך! קיי און שפיי! וואס קאסט דאס ביסל פליטקעם?

שרה־פייגע. אנדערהאלבען הילען (גילען) מיט צוויי הראשען (גראשען) מיט א האלבען, הייסט דאס אזוי הריים (גרויס) ווי א פערטעלי

---

*) איבער א זייטיגע סבה איז דער דאזיגער אקט בעצייטענס ניט אריין אין דער קאמעדיע „צעזייעט און צעשפרייט" (ז. „פ. צייטונג" נו' 4—10 היינטיגנס יאהר). דער דאזיגער אקט קומט אויף דעם ארט פון דריטען און דער פריהעריגער דריטער דארף זיין דער פיערטער לעצטער אקט.

דער מחבר.

מיט א האלבען הראשען (גראשען) טפו! מיין איך א פערטעלי אהן א האלבען הראשען (גראשען).

גדליה. כ'האב כ'לעבען ניט געוואוסט, שרה־פייגע, אז איהר זענט אזא קאפ מענטש, אהן עין הרע א בעל חשבון.

שרה־פייגע. א בעל־הבית טאר אין העכזאכען (קעכזאכען) זיך ניט מישען.

חוה'לי. זעה נאר א מין פלייש פון א נבלה! וואס קאסט דאס ביסל ביינער?

שרה־פייגע. האסריליהל (כתריליקעל) דער האצעוו (קצב) מיט די בלינדע רויטע אויהען (אוינען), די האפאורע (כפרה) זאל ער ווערען, איהם אליין העשמיצט (געשמיצט) דאס פלייש אין פנים...

גדליה. אצינד בעדארף דאס פלייש נאך כתריאלס פנים גאר איין אנדער טעם באקומען.

שרה־פייגע. א בעל הבית זאל איך ליב האבען אומעדום זיך מישען!

חוה'לי. נעפעלט דיר ציבעלקעס — גאלע ווײדלען! און פעטרישקע מיט קארטאפליאקעס — נישטא אויף וואס צו קוקען! וואס קאסט דאס ביסל מיסט?

שרה־פייגע. (רעכענט אויף די פינגער שטילערהייט, האט אלע מאל א טעות, טהוט א שפיי און הויבט אן נאך אמאל פון אנהויב. גדליה זאגט איהר שטעכווערטלעך. חוה'לי שעלט איהם: „מיין הוסט אויף דיר"; גדליה ווינשט איהר: „פארנוץ געזונט!" — קלארע לייענט דאס בריוועל הויך, בליומקע קוועלט.)

קלארע. (לייענט) אזוי ווי שניי איז ווייס און א בייגל איז קיילעכיג, אזוי טהוט מיך צו דיר מיין הארץ טהין מהאן ציהען. בליומקע מיין זיס לעבען, די זעל פון מיין נשמה, מיין קרוין, מיין שאץ, מיין גליק, מיין ענגעלי"...

בליומקע. וואס הייסט דאס „ענגעלי"?

קלארע. ענגעל הייסט א מלאך פונ'ם הימעל (לייענט ווייטער) „טאג ווי נאכט טהו איך שטענדיג צו דיר גאהרען, תמיד פון דיר טראכטען, נישט עס איך, נישט טרינק איך, איך טהו נאר אימער קלערען, ווען וועל איך שוין מיט מיין זיס לעבען אין פאראדיז טהין, טהאן שפאצירען?"...

בליומקע. וואס הייסט דאס „פאראדיז"?

קלארע. אין גן עדן הייסט דאס. (לייענט ווייטער) „און איך בעט דיך מיין זיס לעבען, אויב דו האסט שוין עפיס פארדיענט, זאלסט דו מיר צושיקען עטליכע „קערליך" וואס צום גיכסטען, חאטש א „קערליך" צוואנציג, איך מוז מיר מאכען א פאר שטיבליעטען, יענע האבען זיך צעריסען, און א קאמזויל א נייעם"...

בליומקע. (שפרינגט אונטער) א קאמזויל א נייעם? שארלאטאן! ערשט ניט לאנג ארויסגעשיקט איהם דרייסיג קארבען בנאמנות אויף א נייעם אנצוג. איך האב מורא, צי האט ער עם ניט פארשפילט אין קארטען.

קלארע. ער שפילט אין קארטען?

בליומקע. אהא, נאך ווי; אבי ער האט מיט וואס! צעטרענצעלט וואו ער האט א גראשען. א רעכטער שארלאטאן! (זיפצט) דער צו ער זאל חאטש ניט ליב האבען קיין קליידל... (פארטראכט זיך.)

קלארע. (אין דער זייט) אומעדום דאס זעלבע לידעל... אומעדום דער זעלבער ווייטיג... גלייכע, אלטע צרות...

שרה-פייגע. (רעכענט אויף די פינגער נאך אמאל פונ'ם אנהויב) דריי הראשען (גראשען) ציבעלים, און פאר דער פעטרישהע (פעטרישקע) האב איך באצאהלט א הראשען (גראשען) און פאר'ן ביסל חריין אנדער האלבען הראשען (גראשען) און א הילען (גילען) די הארטאפלים און די פישלעך אנדערהאלבען הילען (גילען) מיט צוויי הראשען (גראשען) מיט א האלבען, איז אינאיינעם פינף הילען (גילען) מיט אכצעהן הראשען (גראשען) טפו! מיין איך וויפיל איז אינאיינעם? (קוקט אויפ'ן בעל־הבית).

גדליה. מע זאל זיין מיט אכצעהן קעפ קאן מען מיט דעם חשבון קיין מאל צו קיין עק ניט קומען. פאלגט איהר מיך, שטעלט אוועק די פיש באזונדער און די ציבעלקים באזונדער, דאס ביסל חריין בין איך אייך מוחל, און נעמט זיך פריהער צו די קארטאפלים, אדער ווי זאגט זי, קארטאפליאקעס...

חוה'לי. האב דיר אכציג שווארצע יאהר, האסט זיך שוין צעפלאפעלט? ביזט קראנק איהר אויסרעכענען דעם חשבון, דו אלטער שטורמאק איינער?

גדליה. אלטער שטורמאק? הע! איך בין איין אלטער שטורמאק און זי - דאס יונגע ווייבל! נעפעלט אייך די יפהפיה?

חוה'לי. ברענען זאלסט דו אויפ'ן פייער!

גדליה. אמן, גם אתם!

חוה'לי. מיין הוסט אויף דיר! (חאפט א קישען אוןווארפט דעם מאן אין קאפ אריין. — עס עפענט זיך די טיר און עס קומט אריין מארקושא אין א צילינדערהוט מיט נעלע הענטשיקלעך.)

גדליה. פארנוץ געזונט! (טהוט א ווארף צוריק דאס קישען און טרעפט גלייך מארקושען, שרה פייגע מיט'ן קאשעק געהט אפ, בליומקע נאך איהר.)

## III-טע סצענע

מארקושא. (הויבט אויף דעם צילינדער פון דער ערד) א שענער ברוך הבא! אט דאס הייסט אויפגענומען געסט!

חוה'לי. האט נישט קיין פאראיבל, דער אלטער איז נעבאך בלינד, דאס האט ער געוואלט דערלאנגען מיר א קישען, האט ער גע־טראפען אייך אין קאפ. איך בעט אייך ווי איינעם קינד זייט איהם הונדערט מאל מוחל.

מארקושא. מוחל, מוחל, מומעניו, וואס זאל איך טהון? וואס האט געזאלט זיין אייך האט מיר געטראפען... אביסל צעקנייטשט מיר אפילו דעם צילינדער... המ...

גדליה. א כפרה דער צילינדער, א גליק וואס ניט אין אויג.

מארקושא. א דאנק וואס מיט א קישען ניט מיט עפיס אנדערש.

גדליה. וואס מיינט איהר עפיס אנדערש: מיט א האקמעסער? מיט א קאטשעלקי? צי מיט'ן אויבערשטען פונ'ם שטייסל?

חוה'לי. וואס זאגט איהר אויף דעם חכם? א שלים־מזל און זאגט נאך ווערטלעך!

מארקושא. וואס טויג מיר גרויס, איהר לעבט זיך אפ, דאס אלטע פאר, ממש ווי די טייבעלעך, קיין עין הרע. אז מע קוקט אויף אייך קאן מען מיינען, אז איהר זענט ערשט נעכטען פון דער חופה. (געהט צו קלארען.)

גדליה. אט אזוי ווי איהר זעהט איז פון דער חופה אן מאכט זיך איהר ניט צו דאס מויל.

חוה'לי. ער האט זיך שוין צערעדט פון פייער און פון וואסער! מיין הוסט אויף דיר! (קעהרט זיך מיט'ן פנים צו דער וואנט, הוסט.)

גדליה. פארנוץ געזונט! א איהר הערט? אט אזוי איז תמיד, שטענדיג אלע טאג... (ער מיינט, אז מארקושא הערט איהם, רעדט ער, שיט

מיט רייד.) איהר פארשטעהט צי ניין? ניט אומזוסט זאגט שלמה המלך: חכמת המסכן בזויה—דעם ארעמאנס א חכמה איז אויך א נארישקייט. אך אונ וועה איז מיין וועלט!... (גדליה שטויסט זיך, אז קיינער הערט איהם ניט. ווערד ער סוף כל סוף אנשווינגען. — מאטקע העט׳ט ניט אויף ארומשפאצירען איבערן שטוב אונ חזר׳ען גראמאטיקע).

מארקושא. וואס איז דיר, קלארע? עפ׳ס ביזט דו מיר זעהר מרה־שחורה׳דיג!

קלארע. מרה־שחורה׳דיג? ווער האט דיר געזאגט?

מארקושא. וואס זשע דען? ברוגז? ביזט אויף מיר ברוגז?

קלארע. אויף דיר ברוגז?

מארקושא. ווער ווייסט נאך אזוי ווי דו ווי איך בין דיר געטריי?

קלארע. ווער זאגט דען ניין?

מארקושא. ביזט מיר טייער ווי א שוועסטער.

קלארע. מזל טוב, דערצייהלט א נייס.

מארקושא. שאדע וואס איך קאן דיר גאר ניט העלפען, דיך אנרופען אז דו ביזט מיינע, מיינע אויף אייבינ...

קלארע. פאר וואס?

מארקושא. ווארום איך בין דיך נישט ווערט.

קלארע. דו מיך?

מארקושא. איך בין א שארלאט שבשארלויטים;

קלארע. (מיט א ביטער געלעכטער) חא־חא־חא;

מארקושא. (פארוואונדערט.) דו לאכסט?

קלארע. (ערנסט) ביזט נערעכט, וויינען דארף איך (פאלט מיט׳ן פנ׳ם אויפ׳ן האנט, וויינט.)

מארקושא. דו וויינסט? ניט וויין, קלארע, איך קאן ניט זעהן ווי דו וויינסט. זאג, וואס איז דיר קלארע? זאג, כ׳בין גרייט פון דיינעט וועגען אין פייער אונ אין וואסער. זאג, דו ווייסט, דו האסט א גוטען פריינד, אונ כ׳האב מיר דאס ווארט נעגעבען, איך זאל מיין פרייהייט נישט פארקויפען פאר קיין שום געלד, נאר בכדי דאס לעבען דיר גרינג צו מאכען בין איך גרייט... (נעמט זי אן ביי דער האנט).

קלארע. (הייבט אויף די קאפ, קוקט אויף איהם אונ צעלאכט זיך) חא־חא־חא! חא־חא־חא!

מארקושא. דאס מיידל איז נאר נעריהרט!... ריין משוגע!... (עס עפענט זיך די טיר אונ עם קומט אריין דאווידקא, טהוט א ווארף דאס היטעל אויפ׳ן טיש, חוה׳לי דרעהט זיך אוים צו איהם מיט׳ן פנים, גדליה שטעלט אהן די אויהרען.)

ענדע קומט׳

---

# די אייביגע ליבע.

פון קנוט האמסון (נארוועגען) *). איבערזעצט דורך דוד פינסקי.

---

עס זענען געוועזען אמאל א מאן אונ א ווייב, אונ זיי זענען ביידע געוועזען יונג.

אין זומער האבען זיי ארומשפאציערט צוזאמען אונ זענען נישט אבגעטרעטען איינס פון דעם אנדערען. זיי האבען געריסען געלע אונ רויטע אונ בלויע בלומען אונ אונטערגעטראגען זיי איינס דעם אנדערען; זיי האבען געקוקט, ווי דאס גראז בעוועגט זיך פון ווינט, אונ געהערט, ווי די פייגעל זינגען אין וואלד אונ יעדעס ווארט, וואס זיי האבען ארויסגערעדט, איז געוועזען ווי א לאסקע. ווינטער זענען זיי געפאהרען מיט גלעקלעך אויף די פערד, אונ דער הימעל איז געוועזען בלוי, אונ הויך אויבען האבען זיך געטראגען די שטערען אין דער אייביגער אונענדליכקייט.

אזוי זענען פארגאנגען א סך יאהרען. דאס יונגע פאר־פאלק האט בעקומען דריי קינדער אונ זייערע הערצער האבען געליבט איינס דאס אנדערע, ווי אין דעם ערשטען טאג ביי דעם ערשטען קוש.

דא בעקומט דער שטאלצער מאן א קראנקהייט, וועלכע האט איהם געהאלטען לאנג צוגעשמידט צו זיין בעט אונ איז געוועזען א הארטע פראבע פאר דער געדולד פון זיין ווייב. אין דעם טאג, ווען ער איז גענעזען געווארען אונ האט פארלאזט דאס בעט, האט ער זיך אליין נישט דערקענט. די קראנקהייט האט איהם פארמיאוסט אונ אוועקגערויבט ביי איהם זיינע האר.

ער האט שטארק געליטען דערפון אונ אונרוהיגע געדאנקען זענען איהם בעפאלען. אין איין פריהמארגען האט ער געזאגט:

איצט ליבסט דו מיך געוויס נישט מעהר?"

זיין פרוי איז אבער רויט געווארען אונ האט איהם ארומגענומען מיט איהרע ארעמס אונ געקושט איהם אזוי ליידענשאפטליך, ווי אין דעם פריהלינג פון זיין יוגענד אונ געענפערט:

„איך ליב דיך, ליב דיך שטענדיג. איך פארגעס קיינמאל נישט, אז דו האסט מיך אויסגעקליבען אונ נישט קיין אנדערע אונ האסט מיך אזוי גליקליך געמאכט".

אונ זי איז אוועק אין איהר צימער אונ אבגעשניטען זיך אלע גאלדענע האר פון איהר קאפ, אום צו זיין גלייך צו איהר מאן, וועלכען זי האט געליבט.

אונ עס זענען פארגאנגען א סך, א סך יאהרען. דאס יונגע פאר־פאלק איז געווארען אלט, אונ זייערע קינדער זענען אויסגעוואכסען. יעדעס גליק האבען זיי געטיילט ווי פריהער; זומער זענען זיי נאך געגאנגען ארוים אויף די פעלדער אונ האבען געזעהן, ווי דאס גראז שאקעלט זיך. אונ ווינטער האבען זיי זיך איינגעוויקעלט אין זייערע פוטערס אונ זענען געפאהרען אונטער דעם אויסגעשטערנטען הימעל. אונ זייערע הערצער זענען שטענדיג געוועזען ווארעם אונ פרייהליך ווי פון וואונדערליכען וויין.

דא האבען ביי דער פרוי אבגענומען די פיס. די אלטע פרוי האט נישט געקאנט מעהר געהן, זי האט געמוזט געפיהרט ווערען אויף א שטוהל מיט רעדער, אונ דער מאן האט זי געפיהרט, ער אליין. די פרוי אבער האט שרעקליך געליטען פון איהר אומגליק; אונ איהר געזיכט האט בעקומען טיעפע קנייטשען פון צרות.

דא האט זי איינמאל געזאגט:

„איצט וואלט איך וועלען שטארבען. איך בין אהן פיס אונ אזוי העסליך אונ דיין געזיכט איז אזוי שען. דו קאנסט מיך נישט קישען מעהר אונ דו קאנסט מיך נישט מעהר אזוי ליבען ווי פריהער".

דער מאן אבער האט זי ארומגענומען, רויט פון געריהרטקייט, אונ געענפערט:

„איך ליב דיך מעהר ווי מיין לעבען, דו ליבע, איך ליב דיך ווי

---

*) פון זיין ראמאן „וויקטאריא".

אין דעם ערשטען טאג, ווי אין דער ערשטער שעה, ווען דו האסט מיר געגעבען די רויז. געדענקסט דו דאס נאך? דו האסט מיר דער־לאנגט די רויז און אנגעקוקט מיך מיט דיינע שענע אויגען; די רויז האט געדופטעט ווי דו, דו ביזט געווארען רויט ווי זי, און איך בין געוועזען בעשיכור'ט אין אלע מיינע זינען. אבער נאך מעהר ליב איך דיך איצט, דו ביזט שענער ווי אין דיין יוגענד, און מיין הארץ דאנקט דיר און בענשט דיך פאר יעדען טאג, אין וועלכען דו ביזט געוועזען מיינס".

דער מאן גערעט אין זיין קאמער, גיסט אויס א ברענענדיגע זויערקייט אויף זיין געזיכט, כדי מיאוס צו ווערען, און זאגט צו זיין פרוי:

"עס האט מיר געטראפען איין אומגליק און איך האב פאר־גאסען א ברענענדיגע זויערקייט אויף מיין געזיכט, מיינע באקען זענען פול מיט וואונדען און דו ליבסט מיך געוויס נישט מעהר?

"א, דו מיין חתן, מיין געליבטער!" שטאמעלט די אלטע פרוי און קושט זיינע הענט. "דו ביזט שענער ווי יעדער מאן אויף דער ערד, דיין שטימע מאכט היים מיין הארץ נאך היינטיגען טאג און איך ליב דיך ביז אין דעם טויט".

---

# חורבן בית שני.

(פארטזעצונג).

די רייכע און די אריסטאקראטען האבען געשיקט שליחים צו אגריפס'ן און פלורוס'ן, אז זיי זאלען קומען העלפען זיי. דערמיט האט די אריסטאקראטיע געוואלט באווייזען, אז זיי זענען נאך אלץ גע־טריי די רוימער. און אגריפס איז געקומען מיט א רוימישען חיל אין ירושלים, נאר די קנאים האבען איהם בעוויזען, אז דאס יודישע פאלק איז נאך ניט געשטארבען. די רוימער זענען צעשלאגען געווארען און אגריפס איז אנטלאפען בבושת פנים.

די ווילדע סיקריקין, אז זיי האבען דערפיהלט עטוואס פרייהייט, האבען זיך ווידער גענומען צו זייער אלטער פרנסה, האבען גע'הרג'ט און געראובט ניט נאר די אריסטאקראטיע, נאר אפילו די קנאים אויך. דענסטמאל האט זיך אלעזר מיט די סיקריקין אבגערעכענט אויף גאר איין אנדער אופן. ער איז זיי בעפאלען און אהן רחמנות געטויט, און האט פון זיי געמאכט א תל. אזא איידעלער מענש ווי אלעזר האט ניט געקאנט ליידען רציחות און גזלות געגען די אריסטאקראטיע, ער האט געהאפט, אז די רייכע לייט וועלען סוף כל סוף קומען זעלבסט צום שכל און וועלען מיטשטימען מיט די קנאים, אז עס איז שוין צייט בעפרייט ווערען פון דעם ביטערען און שווערען יאך פון די רוימער.

אז די רוימער זענען פאריאגט געווארען פון ירושלים, האבען די יודען אנגעהויבען פרייער אטעמען, און בכדי צו בעווייזען, אז זיי זענען שוין לחלוטין בעפרייט געווארען, האבען זיי געמאכט יו־דישע מטבעות און אויף זיי איז אויסגעקריצט געווען די ווערטער: "השנה הראשונה לגאולת ישראל", ד. ה. "דאס ערשטע יאהר פון דער יודישער בעפרייאונג". אזוי שטארק איז געווען זייער בטחון אין זייער גאולה. און נים נאר יודען האבען געגלויבט אין דעם, אפילו די גרים, וואס זענען געווען אין ירושלים. צווישען זיי זענען בעריהמט געווען דער מלכה העלענא פון אדיאבענא און איהרע זוהן: מונבז און קינידאי, וואס האבען צוזאמען מיט אלעזר'ן מלחמה געהאלטען מיט די רוימער. פון אלע שטעדט פון ארץ ישראל האבען זיך צונויפגעקליבען אין ירושלים די גרעסטע גבורים, און צווישען זיי דער בעריהמטער שמעון בר גיורא וועלכער האט בעוויזען וואונדער אין דער מלחמה געגען די יודישע שונאים.

אז קיסטיוס גלוס, דער נאמיעסטניק פון סוריא, האט דערהערט וועגען פלורוס און אגריפס'ענס מפלות, האט ער געאיילט פיהרען זיינע מיליטער נאך ירושלים, און, דורכגעהענדיג ארץ ישראל, האט ער חרוב געמאכט פיעל יודישע שטעדט. אין איין שטאדט, יפו, האט ער אויס־גע'הרג'ט אכט טויזענט יודען און די שטאדט האט ער פארברענט. און אט אזוי איז ער געווען בטוח, אז אויך ירושלים וועט פאלען אין זיינע הענט. נאר ווי ער איז געקומען נאהענט צו ירושלים איז איהם אקעגען ארויס אלעזר מיט זיינע לייט און האבען געטויט פיעלע רוימער און די איבעריגע זענען צעלאפען. שמעון בר גיורא מיט זיינע לייט האבען זיך געלאזט יאגען נאך די אנטלאפענע און האבען אויך פיעל געטויט און בערויבט, און מיט פרייד און געזאנג ווידערגע־קעהרט נאך ירושלים.

קיסטיוסען איז די מפלה א פנים ווייניג געווען, און ער האט געפרובט מזל נאך אמאל, און האט צונויפגעקליבען נאך חיל און איז ווידער בעפאלען ירושלים. די שטאדט איז נאך ניט געווען אין גאנצען בעפעסטיגט אויסער די אינוועניגסטע טייל שטאדט, און אין איהר האבען זיך די קנאים פערשפארט, און אלעזר מיט שמעונ'ען האבען ווידער פעריאגט קיסטיוסעס חיל, דאצו זענען ארויס די יודען וואס האבען געוואהנט אין די דערפער און אפענע שטעדט, און האבען געשלאגען די אנטלאפענע רוימער פון אלע זייטען. קיסטיוס האט זיך בעהאלטען צווישען בערג און דארט האבען די יודען אויפגעזוכט די רוימער און האבען זיי שטארק געשלאגען. די רוימער האבען גע־קרעכצט און די יודען האבען געשריגען מיט פרייד.

נאך פאר קיסטיוסעס מפלה האט אגריפס זיך געפרובט שיקען שליחים אין ירושלים און איינרעדען די יודען צו שלום. נאר די יודען האבען מקבל פנים געווען די שליחים מיט פיילען, איינער פון זיי איז געטויט געווארען און דער אנדערער איז קוים א לעבעדיגער אנטלא־פען. אמת, צווישען די איינוואהנער פון ירושלים האבען זיך געפונען איבערגעגעבענע צו די רוימער וואס האבען געוואלט עפענען די טויערען פון שטאדט פאר קיסטיוסען. נאר אלעזר האט זיי אראבגע־שליידערט פון מויער אויף דער ערד פאר קיסטיוסעס פיס, בכדי דער שונא זאל זעהען ווי שטארק דער ווילען פון פרייהייט איז ביי דעם פאלק. בקיצור, קיסטיוס האט פארשטאנען, אז מלחמה האלטען מיט ירושלים איז ניט קיין שפיל, און האט זיך צוריקגעקערט אין סוריא, איבערזיצען דארט ביז פריהלינג און דערנאך געהן אויף ירושלים מיט א שטארקערען חיל.

אין יענער צייט איז געווען ביי די יודען א נשיא רבן שמעון בן גמליאל הזקן, דעם בעריהמטען הלל הזקן'ס אייניקעל. רבן שמעון איז געווען א גרויסער צדיק, איין ענו און א חכם גדול אין תורה און וויסענשאפט, און ער איז אויך געווען פאר דער מלחמה, חאטש

ער איז געווען דער ראש ביי די בית הלל. דערפון איז צו פארשטעהן, אז די בית הלל' זענען דערנאך אויך נוטה געווען צו מלחמה מיט די רוימער. רבן שמעון'ען האט זיך געוואלט וויסען אויף קלאר ווי שטארק זענען די יודישע כחות, האט ער געלאזט צונויפרופען אלע יודען פון ארץ ישראל אין ירושלים מקריב זיין דעם קרבן פסח, און דאן האט ער זיך איבערצייגט, אז יודען זענען נאך גענוג שטארק. נאר אזוי ווי ער איז געווען געלאסענער פאר אלעזר'ן, האט רבן שמעון איינגעפיהרט א דיסציפלין אין יודישען חיל און האט זיך שטארק מתקרב געווען צו די קנאים, און איז געווען א גוטער פריינד אפילו מיט דעם כהן גדול חנן, חאטש יענער איז געווען א צדוקי.

די שנאה צו די רוימער איז אזוי שטארק געווען אין די יודישע הערצער, אז זיי האבען אויף זיך גערן מקבל געווען די גזרות, וואס די בית שמאי (איבערהויפט קנאים) האבען גוזר געווען, בכדי צו דערווייטערן. די יודען פון די גוים. אכטצעהן גזרות האבען די בית שמאי גוזר געווען; צווישען זיי, אז מע זאל ניט טרינקען קיין גוי'עשען וויין, ניט עסען קיין גוי'עשען ברויט און בוימאייל, ניט לערנען זייער שפראך, זייער ליטעראטור וכדומה. און הגם די בית הלל, וועלכע האבען ניט ליב געהאט אזעלכע חומרות, האבען ניט מסכים געווען מיט די גזרות, האבען זיי נאר נישט אויסגעפיהרט: דאס פאלק האט איצט אין דער הייסער צייט מקבל באהבה געווען כל החומרות, אבי דערווייטערן זיך פון דעם גוי. די גזרות זענען אונז געבליבען לדורי דורות. און האבען אונז פיעל בעשיצט פון אסימילאציאן אין אונזער לאנגען גלות, און דאס האבען מיר צו פארדאנקען אלעזר בן חנניה, וועלכער האט מיט זיין מאכט דורכגעפיהרט די גזרות.

אין יענער צייט איז געווארען דער סנהדרין ווידער שטארק און געאכטעט אין לאנד, ווי אין די צייטען פון די חשמונאים. דער סנהדרין האט איינגעארדענט די ענינים פון דער מלחמה, ער האט בע־שטימט פעלדהערען אויף דעם חיל. נאר ער האט געטאן נאריש, וואס ער האט געמאכט אלעזר בן חנניה'ן פאר א פעלדהער אין דער פרא־ווינץ אדום, און אין גליל האט ער געמאכט יוסף בן מתתיהו הכהן פאר א פעלדמארשאל, און ווי מיר וועלען ווייטער זעהען, איז יוסף ניט ראוי געווען צו אזא הויכע שטעלע. רבן שמעון בן גמליאל האט אכטונג געגעבען אויף די מעשים פון די הויפטלייט, און האט גערע־גיערט אויף דעם לאנד.

גליל איז געווען א פעט און פרוכטבאר לאנד, זיינע איינ־וואהנער — אונגעבילדעטע יודען, אבער ארענטליכע לייט, געזונטע, שטארקע יודען, וואס האבען ליב געהאט די פרייהייט ווי דאס לעבען; און אין א מלחמה האבען זיי זיך געשלאגען ווי די לייבען. מען רע־כענט, אז גליל האט געהאט דריי מיליאן איינוואהנער, אויך האבען זיי געהאט פיעל בעפעסטיגטע שטעדט, און ווען זיי וואלטען געהאט אלעזר'ן פאר א הויפטמאן, וואלט רום בשום אופן ניט געקאנט צוקומען צו ירושלים, חאטש זי איז דענסטמאל געווען די שטארקסטע מלוכה אין דער וועלט. נאר צום אומגליק איז דארט געווען א הויפטמאן דער בוגד יוסף בן מתתיהו, ער, דער עוכר ישראל, האט געבראכט דעם אומגליק אויף די יודען.

אין דריי שטעדט פון גליל: אין גוש-חלב, טבריא און גמלא האט געברענט די שנאה צו די רוימער זעהר שטארק. די סבה איז געווען ווייל די גוים, וואס האבען געוואהנט אין צור, זענען בעפאלען גוש-חלב, וועלכע איז נאך ניט געווען גוט בעפעסטיגט און האבען זי פארברענט און בערויבט. דענסטמאל האט זיך גענומען איינער פון גוש-חלב, יוחנן בן-לוי, צו נוקם זיין אן די גוים. יוחנן איז געווען איין אריםאן, ניט קיין מיוחס, און דערצו נאך א קראנקער, נאר ער האט געהאט אזעלכע מעלות, וואס זענען טייערער פון רייכקייט, יחוס און כח. ער האט געהאט זעהר איין איידעלען כאראקטער, מיט זיינע וייכע רייד און ליבע האט ער צו זיך צוגעצויגען די הערצער פון די יודען ווי מיט א מאגנעט. אויך איז ער געווען זעהר ענערגיש, זיין טרייהייט צו זיין לאנד האט ניט געהאט קיין ברעג, און זיין ליבע צו פרייהייט — קיין מאס, און חאטש ער איז געווען שטענדיג א חולה, נאר אין א מלחמה האט ער פארגעסען אלע זיינע ווייטאגען, און האט בעוויזען מורא'דיגע גבורות. און דערפאר האט איהם רבן שמעון בן גמליאל זעהר געליבט און געשעצט.

צו יענער צייט פלעגען ארומגעהן אין לאנד קליינע יודישע באנדעס, וואס פלעגען ווי די רויבער בעפאלען אויף די וועגען די גוי'עשע רייזענדער, אדער גוי'עשע דערפער, און פלעגען זיי טויטען און פארברענען. די יודען האבען געהאט זעהר א ביטער הארץ, ווייל פריהער האבען זיי געוואהנט צווישען גוים און האבען גענוג געליטען פון זייערע שונאים. איצט האט יוחנן זיי צונויפגעקליבען און האט זיי געלערנט א סדר און דיסציפלין, און איז אויף זיי געווארען דער הויפטמאן. פון דיעזער צייט אן איז יוחנן געווארען דער ביטערסטער שונא פון די רוימער, און זיי האבען געציטערט פאר זיין נאמען.

דאס ערשטע האט זיך יוחנן בעמיהט בעפעסטיגען זיין געבורטשטאדט גוש-חלב, און האט זי געמאכט אלם א צענטר פאר דער מרידה אין גליל און א שוץ פאר ירושלים, אויב די רוימער וועלען ווידער קומען אין ארץ ישראל. נאר יוחנן'ס מאטעריאלישע לאגע איז געווען א שלעכטע, ווייל ער איז געווען ארים, און זיינע לייט זענען אויך געווען אלע ארימע לייט. און דעריבער איז ער אויף א קורצע צייט געווארען א סוחר: ער האט אנגעהויבען האנדלען מיט בוימאייל (גוש-חלב איז געווען בעריהמט מיט איהר פיעל בוימאייל). דאס רוב קונים זענען געווען די יודען, וועלכע האבען געוואהנט אין די גוי'עשע לענדער, ווייל זיי האבען אויפגעהערט צו נוצען גוי'עשען בוימאייל נאך אלעזר בן חנניה'ס גזרות. בקיצור, ער האט פערדיענט א גרויסע סומע און האט די רוחים צעטהיילט צווישען זיינע מענשען, בכדי די נויט זאל זיי ניט צווינגען זיך צו ערנעהרען מיט רויב.

דענסטמאל זענען צוגעשטאנען צו יוחנן אויך די איינוואהנער פון גברא מיט זייער הילף, און אין טבריא זענען אויפגעשטאנען צוויי גבורים יוסטוס און יהושע בן ספיא, וואס האבען מיט זייערע קליינע חילות בעפאלען די גוי'עשע שטעדט און האבען זיך אן זיי נוקם געווען פאר די יודישע בלוט, וואס איז פארגאסען געווארען אין יענע שטעדט.

אז דער פעלדמארשאל יוסף בן מתתיהו האט דערזעהן יוחנן'ס בריהשאפט און גבורות, האט ער פארשטאנען, אז אט דער גבור וועט איהם שטערען צו מאכען שלום מיט די רוימער, אז זיי וועלען מלחמה האלטען מיט גליל, על כן האט ער זיך בעמיהט מיט אלע כחות אפ־

צושטופען יוחנן פון וועג. יוחנן האט ניט פארשטאנען יוספ'ס פאלשקייט, אונ איז געווען געטריי צו איהם אונ האט איהם געפאלגט אלץ וואס ער האט איהם געהייס׳ן ווי מען באדארף זיין געהארזאם א פעלדמארשאל. נאר איין צופאל האט יוחנן געעפענט די אויגען צו זעהן, ווי שלעכט אונ פאלש יוסף איז.

אז קיסטיוס איז אנטלאפען פון ארץ ישראל, האט ער פון איילענעש געלאזען נאך זיך פיעל סקלאדען (לאגערס) מיט תבואה. יוחנן האט געפאדערט, אז מע זאל איצט פארקויפען די תבואה, אונ מיט דאס געלד בעפעסטיגען גוש חלב. יוסף האט דערויף ניט מסכים געווען, אונ האט זיך ניט געשעמט זאגען, אז ער רעכענט אפגעבען די תבואה די רוימער צוריק. יוחנן האט באלד פארשטאנען, וואס פאר אפאלשער מענש יוסף איז, אונ האט זיך אויף איהם בעקלאגט פאר די שליחים, וואס דער סנהדרין האט געשיקט ק׳ן גליל זעהען ווי געהט עס צו אין די ענינים פון דער מלחמה. אונ די שליחים האבען געהייסען יוספ'ן פארקויפען די רוימישע תבואות, ווי יוחנן האט געגעבען די עצה.

אט אזוי איז די אחדות פון דעם פאלק אין גליל צעשטערט געווארען דורך די פאלשקייט פון דעם בוגד, דעם רוימישען קנעכט, בן מתתיהו. א האלב פאלק איז געווען מיט יוחנן אונ א האלב — מיט יוסף. דענסטמאל האט יוחנן געשיקט זיין ברודער שמעון מיט הונדערט מאן גבורים אין ירושלים זיך צו קלאגען פאר דעם סנהדרין אויף יוספ'ס מעשים, אונ ערקלערען, ווי שעדליך עס איז פאר דער מלחמה אויב יוסף וועט זיין אפעלדמארשאל. רבן שמעון בן גמליאל האט מיט זיין חכמה אונ ליבע צו זיין פאלק פארשטאנען אונ געפיהלט, אז יוחנן האט רעכט, אונ ער מיט די איבעריג חברים פון סנהדרין האבען ווידער געשיקט שליחים צו פאנגען יוספ'ן אונ צו ברענגען איהם קיין ירושלים, ער זאל אפגעבען דין וחשבון אויף אלע זיינע מעשים. נאר יוסף מיט זיין ערמה האט זיך שטענדיג אויסגעדרעהט פון די שליחים'ס הענט אונ זיי האבען איהם בשום אופן ניט געקאנט חאפען.

אונ נאך מעהר האט ער געטאן: וואו ער איז געקומען האט ער בעפאהלען אלע מענשען, וועלכע זענען געווען מיט יוחנן, אז זיי זאלעןווארפען זייערע כלי זין פון די הענט, אויב ניט וועט ער זיי טויטען, ווייל זיי פאלגען ניט זייער פעלדמארשאל. די פראסטע לייט פון גליל האבען געגלויבט, אז יוסף טוט עס מיט דעם רצון פון די סנהדרין אונ דער סוף איז געווען, אז מיט יוחנן זענען געבליבען מעהר ניט ווי צוויי טויזענט מאן, וועלכע זענען געווען געטריי דעם עהרליכען גבור.

עס איז לייכט צו פארשטעהן די יסורים, וואס יוחנן'ס זעלע האט געליטען, זעהענדיג ווי פאר זיין גאנצער ליבע צו זיין לאנד, פאלק אונ איבערהויפט צו זיין חיל, צאהלט מען איהם מיט אזא אונטרייהייט אונ מען גלויבט מעהר דעם בוגד יוסף בן מתתיהו.

(ענדע קומט).

שלמה בערמאן.

---

# רוח.

ווען מיר בעטראכטען די פרנסות, פון וואנעט יעדער מיטגליד אין דער געזעלשאפט ציהט זיין חיונה, זעהען מיר, אז יעדערער לעבט פון רוח. רוח איז דער חילוק צווישען קויפען אונ פארקויפען. ביי די סוחרים זעהען מיר עס ארויס בולט. דאס גאנצע עשירות קלויבט א סוחר צוזאמען נאר דעריבער ווייל ער קויפט איין ביליגע סחורות אונ פארקויפט זיי טייערער. וואס א קלענערען רוח יעדער סוחר האט פון זיין געשעפט איז ער אלץ ארימער. א סך מענשען מיינען, אז אפילו די ארבייטער, וועלכע הארעווען 15—16 שעה א מעת לעת, לעבען אויך פון דעם רוח, וועלכעס דער פאבריקאנט האט פון זיינע אויסגעארבעטע סחורות אונ ממילא געבען זיי עצות, אז די ארבייטער דארפען נאר טון אונ מתפלל זיין, אז דער פאבריקאנט זאל האבען מעהרער רוח אונ זאל האבען די מעגליכקייט אויסצוהאלטען די ארבייטער.

אין פארינגען ארטיקעל *) האבען מיר בעוויזען, אז דער ווערט פון יעדער סחורה איז די צייט ארבייט. וויפיעל עס דארף צו קאסטען דער געזעלשאפט דאס בעשאפען זי. ווען איך בייט אויס איין פראדוקט אויפ'ן צווייטען איז א סימן, אז אין דיזע ביידע פראדוקטען איז פארווענדעט א גלייכע מאס געזעלשאפטליכע ארבייט — זיי האבען ביידע גלייכע „טויש־ווערטען". ווען א שניידער, למשל, בייט אויס א גארניטור, וועלכער דארף דויערען דאס איינייען 10 שעה אויף אפאר שטיוועל, איז דערפון א ראיה, אז אין די פאר שטיוועל איז פארהאן געזעלשאפטליכע ארבייט אויך 10 שעה. קיינער וועט ניט אויסבייטען 10 שעה ארבייט אויף 9 שעה, אזוי ווי קיינער וועט ניט אבגעבען א רובל פאר 90 קאפ', אונ פארקערט, קיינער וועט ניט קריגען פאר 10 שעה ארבייט 11 שעה, אזוי גוט ווי מען קאן ניט קריגען פאר 1 רובל 1.10. דער חילוף וועט ניט אנדערש ווערען. אפילו ווען די צייט ארבייט זאל ווערען אבגעשאצט אין געלד, וואו דאס געלד איז דער פארמיטלער צווישען אונזערע שוסטער אונ שניידער. ווען למשל, א שעה געזעלשאפטליכע ארבייט דארף דויערען דאס בעשאפען 10 קאפ'. וועט דער שניידער בעקומען פאר זיין גארניטור, וועלכער ענטהאלט 10 שעה ארבייט ; 10×10 קאפ'. — אדער 1 רובל. דאס גלייכען דער שוסטער.

אמת, עס קאן אפילו יא טרעפען, מען זאל פארקויפען געוויסע סחורות נאך ווייניגער אלץ זייער ווערט. ווען שניידערס, למשל, זענען דא א סך מעהרער, וויפיעל עס זענען נייטיג אין דער געזעלשאפט: זיי האבען אויפגענייט קליידער זעהר פיעל, די נאכפראגע אויף קליידער איז געפאלען, צווישען די שניידערס גופא איז צוליב דעם געווארען א גרויסע קאנקורענציע, אונ ממילא איז אויך געפאלען דער פרייז פון זייער סחורה—פון נייען, דער שניידער וועט זיין געצוואונגען צו נעמען פאר א גארניטור אויפנייען, אין וועלכען עס איז פארהאן 10 שעה געזעלשאפטליכע ארבייט ניט 1 רובל נאר 90 קאפ', מיט 10 קאפ'. ווייניגער פון דער אמת'ער ווערט. דאס קאן אבער ניט לאנג דויערען, ווען די שניידערס וועלען זעהן, אז זייערע ארבייט איז געפאלען, אז זי פארקויפט זיך ווייניגער פון איהר ווערט אונ אנדערע סחורות זענען חריפ'ער וועלען זיי זייערע קינדער ניט לאזען מעהר לערנען שניידעריי נאר איין אנדערע מלאכה, וועלכע פארקויפט זיך ניט ווייניגער ווי איהר ווערט אדער אפשר נאך מעהרער. עס וועט אוועק געהן א געוויסע צייט וועלען מיר זעהן א גאנצען היפך. די סחורות פו־

---

*) זעה פאלקס־צייטונג Nr. 23, 25

דער אנדערער מלאכה זענען געפאלען, דורך דעם וואס א סך האבען זיך אנגעפאנגען מיט איהר צו בעשעפטיגען און שניידעריי איז געשטיגען, ווייל צוליב דעם. וואס א סך מענשען האבען איהר אוועקגעווארפען, איז געווארען א יקרות אויף שניידעריי, דער עולם וויל זיך נייען און עס איז ניטא ביי וועמען. די שניידער זעהענדיג אז מען יאגט זיי אזוי נאך זענען זיי אויך קיין נארען ניט, זיי ווייסען ווי אויסצונוצען זייער צייט. זיי האבען אנגעפאנגען צו פאדערען זייער אמאליגען היזק, פאר 10 שעה ארבייט בעטען זיי שוין 10 ר 1. און אזוי איז שוין טאקי דער סדר העולם, היינט שפילט די סחורה א גרויסע ראלע אינ'ם מסחר'שן וועלטל, מארגען וועלען שוין זעהר פיעל מענשען אנפאנגען איהר אויסצואַרבייטען און רעדענדיג אויפ'ן מסחר'שען לשון, וועט זי שוין ליגען אין די ערד און איין אנדער סחורה וועט פארנעמען איהר ארט. אין קיין צייט פארקויפט זיך ניט יעדע איינציגע סחורה אקוראט לויט איהר ווערט, אמאל פארקויפט זיך א סחורה, וואס אין איהר איז אנגעווענדעט 10 שעה געזעלשאפטליכע ארבייט פאר 90 קאפ'. און א מאל פאר 1,10 קאפ'. נאר דורכשניטליך קומט עס אויס אז 20 (10 + 10 שעה געזעלשאפטליכע ארבייט פארקויפט זיך פאר 2 רובל (1,10 + 90) און אז מען זאל נעמען אלע מינים סחורות, וועלכע די געזעלשאפט בעשאפט און די גאנצע סומע געלדער, וויפיעל זי לאזט אויס אויף זיי און צעטיילען די ערשטע אויף די צווייטע וועט אויסקומען, אז דורכשניטליך ווערד יעדע סחורה פארקויפט לויט איהר טויש-ווערט.

אז דיזע הנחה איז וויסענשאפטליך ריכטיג איז קלאר ווי דער טאג, אין דעם קאן קיין חלוקי דעות ניט זיין, אפילו טויזענט איפכא-מסתברא'ניקעס וועלען די הנחה ניט מבטל זיין.

די שאלה איז אבער איצט, ווי כ׳לד אז בכלל ווערד יעדע סחורה פארקויפט אומגעפעהר לויט איהר ווערט, טא פון וואנעט נעמט זיך דער רוח?

כדי בעסער אוועקצושטעלען אונזער פראגע וועלען מיר נעמען אלס א משל אזאוואד, וואו מען ארבייט אויס ציגעל. אום אויסצואַרבייטען ציגעל דארף מען האבען לעהם, אינסטרומענטען אדער געצייג, ברען-מאטעריאל (האלץ) און ארבייטס-קראפט. דאס באקומען לעהם, לאמיר אננעמען, אויף 1000 ציגעל ענטהאלט אין זיך 20 שעה געזעלשאפטליכע ארבייט, אויב א שעה ארבייט וועט ווערען געשאצט אין 10 קאפ'. וועט דאס לעהם קאסטען 10×20 קאפ'. ד"ה 2 רובל, דאס האלץ, וואס מען האט נייטיג פאר 1000 ציגעל, לאמיר ווידער אננעמען, ענטהאלט אין זיך געז. ארבייט 30 שעה אדער 3 רובל, געצייג 35 שעה ארבייט אדער 3,50 קאפ'. ארבייטס-קראפט צו די ציגעל דארף מען האבען 30 שעה און ווען מען זאל נעמען 3 ארבייטער, יעדערער זאל ארבייטען 10 שעה, וועט מען יעדען מוזען געבען לויט'ן חשבון 10×10 קאפ'. ד"ה 1 רובל בס"ה 3 רובל.

לאמיר איצט פארצייכנען מיט א סדר די הוצאות אויף די 1000 ציגעל.

| | | | |
|---|---|---|---|
| לעהם | ענטהאלט אין זיך 20 שעה געזעלשאפ. ארבייט, | עס קאסט | 2,— ר' |
| האלץ | " " " 30 " " " | " " | 3,— " |
| געצייג | " " " 35 " " " | " " | 3,50 " |
| ארבייטס קראפט | " 30 " " " | " " | 3,— " |
| | בס"ה 115 | | 11,50 |

ווען די ארבייטער האבען גענומען דאס געצייג און געהארעוועט ביים אויסהייצען דעם אויוועץ און צעקנעטען דאס לעהם 30 שעה האבען מיר סוף כל סוף בעקומען א מין פראדוקט, וואס מען רופט דאס ציגעל. די ציגעל דארף דער זאוואדציק פאר זיין אייגענעם געברויך ניט האבען, ער האט גענומען ווייטער א פאר משרתים, וועלכע האבען ארויסגעפיהרט אויפ'ן מארק פארקויפען די ציגעל, דערויף האבען די משרתים געארבעט 35 שעה. אלזא איז שוין צוגעקומען הוצאות אויף די ציגעל נאך 3,50 בס"ה האבען זיי שוין געקאסט 15 רובל, ווען עס איז שוין געקומען גאט צו דאנקען נאך לאנגע ווארטעניש א קונה, וויל ער קויפען נאר 100 ציגעל. פאר די 100 ציגעל וויל דער קונה געבען איין אנדערע סחורה, נאר אזוי ווי די אנדערע סחורה איז ביי איהם גראד איצט ניטא, וויל ער אנשטאט איהר געבען געלד. דעם זאוואדציק, ווי עס פארשטעהט זיך, ווילט זיך פארדינען און בעט איהם טאקי אוים פאר 100 ציגעל 2 רובל, צו צוויי קאפ' א ציגעל. נאך אונזער הנחה וועט דער קונה אין גאנצען מאכען חוזק פון זאוואדציק. ער הויבט אן אויסצורעכנען וויפיעל שעה ארבייט עס האבען געקאסט אין גאנצען די 1000 ציגעל. — „אין גאנצען — רעכענט דער קונה — ענטהאלטען אין זיך די 1000 ציגעל 150 שעה ארבייט, קומט אויס, אז 100 ציגעל ענטהאלטען אין זיך 15 שעה. 15 שעה ארבייט איז דער טויש-ווערט פון 100 ציגעל און דעריבער דארף איך נאר געבען ענטקעגען אזא סחורה וואס דער טויש-ווערט פון איהר זאל אויך זיין 15 שעה געז. ארבייט, מיר ווייסען, אז דער טויש-ווערט פון 10 קאפ איז 1 שעה געז. ארבייט, 15 שעה געזעלשאפטליכע ארבייט איז מיט 10 מאל מעהר 15×10 קאפ' אדער 1,50. און אט אזוי פיעל טאקי וויל איך דיר געבען „מעהר ניט".

לויט אונזער שטה איז טאקי דער קונה גאנץ גערעכט, מיר קאנען ניט פארלאנגען פון איהם ער זאל איבערצאהלען דעם זאוואדציק און געבען 2 רובל ד"ה 20 שעה ארבייט פאר 15 שעה. און ווען דער זאוואדציק זאל שוין האבען געהאט אזעלכע 10 קונים וועט ער סוף כל סוף ניט בעקומען אפילו איין פרוטה רוח. מילא ווען דער בעל-הבית פון זאוואד האט עפים אליין געטאן א נייטיגע ארבייט ביי די ציגעל וועט ער בעקומען פאר יעדע שעה בעזונדער צו 10 קאפ' אבער וויפיעל, מישטיינס געזאגט, ארבעט יעדער זאוואדציק אדער פאבריקאנט? דאס רוב פאבריקאנטען און סוחרים, ווי מיר ווייסען, זענען רחמנא לצלן גרויסע עצלים און טונקען ניט איין אפילו א פינגער אין קאלטען וואסער...

טא אלץ קשה פון וואנעט נעמט זיך טאקי די הייליגע תורה? פון וואנעט נעמט זיך זייערע עשירות און טאקי אזא גרויסע עשירות?

ווען מען בעטראכט אבערפלעכליך קומט עס אויס, אז דער קאפיטאל, וואס ליגט אין געשעפט, האט אין זיך די אייגענשאפט צו בעשאפען נייע ווערטען און ממילא אויך ריוח, ווען מען זאל אבער אריינקוקען אין דער זאך טיעפער וועט מען זיך גלייך איבערצייגען, אז דאס איז זעהר פאלש.

ראובן דער סוחר, למשל, האט געקויפט ביי שמעון'ען פאר 100 רובל טיי און האט זיין סחורה פארקויפט לוי'ן פאר 110 רובל מיט 10 רובל ריוח. ראובן האט פאר'ן קויפען די טיי געהאט 100 רובל

מזומנים, שמעון — טיי פאר 100 רובל און לוי האט בעצאהלט פאר די טיי 110 רובל — בס"ה איז ביי אלע דרייען דא געווען ווערטען אויף 310 רובל. נאכדעם, ווי ראובן האט געקויפט די טיי ביי שמעון'ען און פארקויפט לוי'ן פאר 110 רובל, איז ביי שמעון'ען, אנשטאט די 100 רובל טיי שוין געווען 100 רובל מזומנים, ביי לוי'ן טיי, וואס קאסט 100 רובל און ביי ראובנ'ען 110 רובל, ביי אלעמען צוזאמען וועט ווייטער זיין נאר 310 רובל. דער אונטערשיד בעשטעהט נאר אין דעם, וואס פריהער איז געווען די 110 רובל ביי לוי'ן און היינט ביי ראובנ'ען און ביי לוי'ן די טיי, וואס איז ווערט 100 רובל. עס איז גאריש צו זאגען, אז די טיי, זייענדיג ביי ראובנ'ען אין די הענט האט באקומען א גרעסערען ווערט. עס קאן ווידער זיין, אז די טיי האט טאקי פריהער געקאסט 110 רובל, נאר ראובן איז א בריה א סוחר און האט זי געקויפט וואלוויל, נאר פאר 100 רובל, אבער לוי'ן האט ער טאקי פארקויפט לויט איהר ריכטיגער ווערט — פאר 110 רובל. אויב אזוי קומט עס אויס, אז פריהער האבען זיי צוזאמען געהאט 320 רובל: ביי שמעון'ען 110 רובל טיי, ביי ראובנ'ען 100 רובל מזומנים און ביי לוי'ן 110 רובל... און נאכ'ן מסחר איז ווייטער דא בס"ה 320 רובל: ביי ראובנ'ען 110 רובל מזומנים, ביי שמעון'ען 100 רובל און ביי לוי'ן פאר 110 רובל טיי. אזוי אין ערשטען פאל אזוי אין צווייטען, ווי מיר זעהען, זענען צו די סחורות אין דער צייט פינ'ם מסחר קיינע ווערטען ניט צוגעקומען. די גאנצע ריוח האט נאר געקאנט זיין אין ערשטען פאל, ווען לוי האט זיך אבגענארט, אין צווייטען פאל — ווען שמעון האט זיך אבגענארט.

אין א בעזונדערען פאל קאן עס טאקי אפשר יא טרעפען, אז מען קויפט א מציאה, מען כאפט אמאל אריין א אוצר פאר העלפט געלד, מען נארט וועמען עס איז אב, אזוי ווי אונזער משל, וואס מיר האבען דא געבראכט. מען קויפט דהיינו א סחורה, וועלכע ענטהאלט אין זיך 100 שעה ארבייט פאר 50 שעה. דאס איז דאך אבער א יוצא מן הכלל, דערביי מוז זיך טרעפען א נס, וואו, ענטוועדער דער מוכר אדער דער קונה זאל ניט פארשטעהן אויף זיין סחורה, אבער, „לאו בכל יומא מתרחש ניסא" (ניט אלע טאג טרעפען זיך נסים) און אי־בערהויפט איז שווער צו זאגען, אז אלע מיטגלידער פון דער געזעל־שאפט זאלען לעבען פון נסים אדער פון רמאות.

בכלל קאן דאס גאר ניט זיין, דען לויט דיזער סברא קומט אויס, אז איינער פארדינט, מוז דער צווייטער אנווערען, אז איינער ווערד רייך אויפ'ן צווייטען סוחר'ס חשבון און דאס איז פאקטיש ניט ריכטיג, די עשירות ווערד אלס גרעסער און די סוחרים ווערען אלץ רייכער און קיין סוחר אדער פאבריקאנט פארלירט דערביי גאר ניט.

(ענדע קומט).

א. ש. זאקס.

---

## אלערליי.

— פינף וואס זענען אלט 100 יאהר געפינען זיך אין פעטערסבורג, די אלע פינף אלטע לייט זענען געוועזען אין פעטערס־בורג צום באל בשעת דעם 200 יעהריגען יובילייאום.

— אפלאש וואס שווימט שוין 200 יאהר אין ים האט נישט לאנג געפונען א פישער אין דעם ענגאישען ים אין גריכענלאנד. אין דער פלאש איז אויף א שטיקעל פאפיער אויפגעשריבען, אז דאס ענגלישע שיף „קראון" האט געליטען שיף־ברוך און שווימט ארום אויף דעם ים. דאס קוויטעל האט די דאטע פון אקטאבער 1702 און די פלאש שווימט שוין אזוי מעהר אלס 200 יאהר ארום אויף דעם ים.

---

# יודישע פרויענוועלט

## I. אלגעמיינע נייעס.

— דאס מיניסטעריום פאר פאלקס־בילדונג אין רוסלאנד האט ערלויבט צו צולאזען פרויען אין דעם פאקולטעט פאר ארכיטעקטור, צולאזען וועט מען אלעמען נישט קוקענדיג ווי אלט זי איז אדער וואס פאר א גלויבען זי האט.

— פון קומענדיג יאהר וועט אין גרענאבל (שאטלאנד) פריילין דושעמסאן פארלייענען די לעקציאנען אין דעם פאקולטעט פאר פילאזא־פיע, וועלכע געפינט זיך אין דעם גרענאבלער אוניווערזיטעט. די נייע פראפעסארין איז אלט 25 יאהר.

— פרוי טערעשצענקא אויס קיעוו האט געשאנקען 10,000 רובל אויף צו בויען א פאלקס־הויז אין קיעוו.

— אין ווארשא האבען איינגע קאפיטאליסטען געמאכט א גרויס־ארטיגע פאבריק פון קוקלעס (ליאלקעס). אין דער דאזיגע פאבריק בעקומען פיעל פרויען ארבייט מיט גוטע בעצאהלונג.

— דאס מיניסטעריום פאר פאלקס־בילדונג אין רוסלאנד האט ערקלערט, אז הויז־לעהרערינס נישט קיין רוסישע אונטערטהאנען, וועלכע האבען דעם בערוף לעהרערין אדער אויפזעהערין אין א גימנאזיום האבען אלע זכיות פון די וואס האבען שטעלען ביי דער רעגירונג גלייך מיט רוסישע אונטערטהאנען.

## II. יודישע נייעס.

— דער בילדונגס־פעראיין פאר פרויען ארבייט אין פעטערסבורג האט איינגעפיהרט קורסען צו לערנען האנט־ארבייט, אין די דאזיגע קורסען זענען אנגעקומען איינגע יודישע מיידלעך. 4 פון די יודישע מיידלעך גרייטען זיך צו ווערען לעהרערינען פאר האנט־ארבייט אין די פראווינץ־שטעדט.

— די פארוואלטונג איבער די אדעסער שולען האט ערלויבט צו לערנען אין די יודישע רעגירונגס־שולען פאר מיידלעך 6 שעה אין דער וואך די יודישע רעליגיאן. פאר א לעהרערין דערצו איז בע־שטימט געווארען פרוי רי ליוושיק. ביז איצט זענען נאר מאנספילען געווען רעליגיאנס־לעהרער.

---

## ווי מען זאל מיט קינדער זיך שפיעלען, לערנען און שמועסען.

(ענדע).

ווען דאס קינד ווערד מיד און עס ווערד איהם מיאוס צו שפיעלען זיך מיט די צאצקעס, קאן מען איהם געבען א בעשעפטיגונג, וואס זאל מער פארנעמען זיין שכל.

אינטערעסנער פון אלץ איז ביי קינדער דאס אויסנייהען און צייכענען. אז עלטערע זאלען צו ווייזען, קאן דאס קינד לייכט זיך אויסלערנען צייכענען און אויסנייהען גרינגע און שענע אוזארען אויף פאפיר.

אויף אויסנעהען גוט מען דעם קינד א גראב און גלאט שטיק שארע פאפיער. מיט א ריסונאק (געמעלדע). אין ריסונאק מאכט מען לעכעלעך, גלייך און ניט ווייט איינס פון צווייטען. דורך דיעזע לעכעלעך פיהרט דורך דאס קינד א נאדעל מיט פאדעם.

וועלכע אוזארען אויסצונייהען דארף מען לאזען אויסקלויבען דעם קינד, נאך זיין גוסט (געשמאק). גערנער פון אלס נייהען אוים קינדער: חיות, פייגעלעך, פיש, בלומען. מיט דעם קאן מען זיך בענוצען אויף געשפרעכען פון זאאלאגיע (די לעהרע וועגען לעבען פון חיות) און באטאניק. (די לעהרע וועגען געוועכסע).

אט איז א מוסטער פון א געשפרעך מיט א 5—6 יעהריגעם קינד

נעמט אן, אז דאס קינד נייהט אוים א פישל. פרעגעי מיר איהם: וואס נעהט ער אוים? — א פישל.

— וואו לעבט דאס פישל? — אין טייך.

— און וואו נאך? — אין ים.

— פארוואס לעבט דאס פישל נאר אין א טייך אדער א ים? וואלט עס געקאנט לעבען אין פעלד אדער אין וואלד?

— ניין! ווייל א פיש קאן ניט לעבען אהן וואסער, אזוי ווי א מענש קאן ניט לעבען אהן לופט.

— פארוואס אטעמט דער מענש לופט און א פיש וואסער?

— מיט וואס אטעמט דער מענש?

— ביי א פיש איז דא איין אנדער ארגאן אויף אטמען, ער הייסט: „זשאברעס“, און צוליב דעם אטעמט דאס פישל וואסער.

— ליגט דאס פישל שטענדיג אויף איין ארט? קאן עס איבערגעהן פון איין ארט אויפ'ן צווייטען?

— יא, געווים. עס שווימט. נאר ווי אזוי?

— ווען א מענש שיפט זיך אויף א לאדקע. מיט וואס שטיפט ער די לאדקע? — מיט וועסלעס.

— אזוינע וועסלעס האט אויך דאס פישל. זיי הייסען ביי איהם שופּפעדערן, מיט זיי פאכט ער, ווי דער מענש מיט וועסלעס.

— צו וואס דארף מען אין א לאדקע דעם רודער?

— אויף צו קירעווען די לאדקע.

— וואס איז ביי'ם פישעל דער רודער?

— מיט'ן עק דרעהט עס לינקס און רעכטס, ווי עס וויל.

— מיט וואס איז בעדעקט דער קערפער פון פישל?

— מיט וואס קארמעט מען פיש? — וואס טשעפעט צו דער פישער צום ווענדקע אויף חאפען פיש?

— זעהט איהר דאס פישל דערנעהרט זיך מיט ווערימלעך. און מיט וואס נאך?

— עס זענען דא אזוינע פיש, וואס פרעסען אויף זייערע קליינע ברידער. צום ביישפיעל, דער העכט האט ליב קליינע פישלעך, איבערהויפּט אבער רויג (איקרע).

— וואס איז אזוינס איקרע? ווי ווערד דערפון קליינע פישעלעך

— אט ווי אזוי: יעדעס פישל לעגט איהר רויג (איקרע), אזוי ווי אייערלעך, ביי'ם ברעג טייך אדער ים, אין זאמד געגען דער זון. אזוי ליגען זיך די אייערלעך איינגע צייט; די זון ווארעמט זיי גוט אוים, ביז פון זיי געהען ארוים קליינע פישעלעך, און אלע געבען גלייך א טאנץ אין וואסער אריין.

---

פון דיעזע פארגעבראכטע פראבע קאנען די ערציהערינס בעמערקען, אז בעסער פון אלס איז צו פיהרען א געשפרעך מיט קינדער, מאכענדיג פראגען און אנטווארטען. אין אזא אופן דערוועקט זיך ביי'ם קינד די אויפמערקזאמקייט און דער אינטערעס.

שושנה ראבינאוויץ.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג“.



Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v, S, L Deutscher Podgorze b .Krakau

## פון דער אדמיניסטראציאן

אין ביעלאַיא-צערקאוו (קיעווער גוב.)
נעמט אויף אבאנענטען אויף
די „יודישע פאלקס-ציימונג", „עולם קטן" און דעם
זאמעל-בוך „הילף"
בוכהענדלער ה' י. ה. הערצבערג.

## אויף דעם זאמעל־בוך „הילף"

וואס די גאנצע הכנסה געהט פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

**(פרייז 1 רובל מיט פארטא)**

**אדעסע:** ס. י. בראנשטיין, גאָלדשטיין, ווענדער, ליאַשעווסקי, — **אוסטילוג:** י. שטראַמער. — **אקמאלי:** י. י. ראזענבוים (2 עקז.). — **אקנא:** א. וואַטערמאַן. — **אקערמאן:** י בראַדסקי, נ. האפבערג, ד. העלמאן, מ. העלמאן, י. ווילדערמאן, ג. זאאיקא, טורטשינסקי, י. פידעלמאן, ב. פעלדמאן נ. ראזענבליט, שאפירא, ב שווארצמאן, י. שטיינבערג — **ארמיאנסק:** ב. ג. קאסאטשעווסקי. — **אָרענבורג:** מ. גאָלובטשין — **באקו:** י. שאקאוו. — **באריסאגליעבסק:** מ. ליעקאך. — **בוטענקאווא:** ש. פינקעלשטיין. — **בולאוואיא־פאדעסיא:** (אפריקא): חברת „חובבי ציון". — **ביעלאיא צער־קאוו:** ד. ש. דינער (2 עקז.). ה. א. דינער. — **ביעלאסטאק:** ד"ר חאזאַנאוויטש. — **בערדיטשעוו:** ש. ברין, י. א. קעניגסבערג. — **בראווקי:** ב. מאלדאווער. — **ברעסטליט:** ב. בראווערמאן, א האראדישץ, ב. ניימארק, ג. ל. צונאמאן, י. שיינמעל. — **דובנא:** נ. וו ראפמאן — **דוד־האראדאק:** וו. ל. יודאוויטש — **האלבשטאדט:** י. י. יאַרק. — **האלישאני:** ראשע־רייזיל טראבסקי. — **וואזנעסענסק:** מ. י ביעליצקי, י. גליקמאן, מ. וויחאדעץ. — **ווארשא:** י. מאניקאוו. — **וויטעבסק:** א. בראנדזבורג (2 עקז.), י. ב. קאצענעלנבאגען. — **זאלאטאנאשא:** ח. טאבאטשניק. — **זשיטאמיר:** ש. פעלדמאן, נ. שלאם — **חארטיצא:** י. דאלגינאוויעראוו. — **חארקאוו:** י. נ. פינקעלשטיין (5 עקז.). — **טאגאנראג:** מ. וו. יפה (5 עקז.). — **טשעליאבינסק:** ס גרייז — **טשערנאווא:** סורפריזאנט. — **יאבלאנאווקא:** ס. פריגאניקאוו. — **יאנאוו:** ד. תאראש. — **יוסקאוויצי:** מ. ל. יפה. — **יעליסאוועטגראד:** מ. א. בראדסקי. **יעקאטערינאסלאוו:** י. דאמאשעוויצקי, וו. רוטקין. — **לאדז:** י. קליינער. — **לאדיזשין:** ג. געסיוק, ס ב. מאנעליס. — **לאחוויצא:** י. קארינער. — **ליובאמל:** ש אייזענבערג. — **ליובאשעווקא:** וו. י. בעקער. — **לינקאווא:** מ. מאלק. — **ליסיטשאנסק:** י. פליישער, נ. פערגאמענדאוו, ד רייזין — **מאהילעוו:** ש. יפה. — **מאנזורקא:** ל. גראיעווסקי — **מאסקווע:** י. ב. לוריא (6 עקז). **מארינא-גורקא:** ד קאסאוו. — **מיענא:** א. טשעטשניק — **מעזשיריעציע:** מ. פרירמאן. — **נאוואיא־פראגא:** א. טשווערטקין. **נאסאוויטש:** נ. ז. ציזין — **ניו-יארק:** וו. מיללער (2 עקז.). — **ניעזשין:** ב. ד. סאפירא, ח. ד. שאפארענקא, ל. שיין. — **סאקאלאוו:** חברת הציונים — **סאראקי:** וו. ש. בורטאוווי. — **סווערזשען:** נ. חייקין — **סטראיא־אושיצא:** ל. ראבינאוויטש, א. שוואלבמאן. **סינעלניקאווא:** ס י. ארשאנסקי — **סמילאוויטש:** ראזא רוסינאוו. — **סעקוריאני:** א. קירנאס. — **סקידעל:** ז. חייט — **פאלאנגען:** ד"ר ל. שלעזינגער. — **פאלטאווא:** ע. נ. טעפליצקאיא, א ס. מאבעל, ש. ח. וולאדאווסקי. — **פאסטאוו:** נ. סקאראחאד. — **פאשוויטין:** רבקה לעווינסאן, שיינע פרוכנא, חנה רעזניק. — **צאריצין:** ר. י. צימאן. — **קאוואל:** פ. מאשקאוויטש. **קאליש:** ל. מייראנץ. **קאמענעץ־ליט.:** די ביבליאטהעקע. — **קאפאטקעוויטשי:** רבקה גינזבורג. — **קאקאנד:** ג. י. סארקין (12 עקז.). — **קיינארוועקי:** מ. קאליוסקי. — **קיעוו:** מ. בייזעל, א. בערשטיין, ד. קאקוסוויצקי, י. קאשוק. — **קראסנאסעלקא:** מ. העלמאן. — **ראגאטשעוו:** ש. וואלאווניק. **רעזינא:** ס. ש. מינסבערג — **שיראקאיע:** י. מילמאן. — ס"ה 144 עקז.

---

## נדבות

פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב דורך די ארמיניסטראציאן יודישע פאלקסציימונג אין קראקוי.

י. י. זווערעוו (אוסטקאמענאגארסק) 2 ר'; אין בוקא (**וואלינער גוב.**) האבען מנדב געוועזן: נחמן זינדער 2 ר'; בן ציון מרגלית, יעקב מרגלית, נחום מרגלית, אברהם שטיינבערג, יוסף שמאיענאק, אבא זאקאן, אהרן גריסקין, יעקב ישראל באראם — צו 50 ק', — בונים ולייב, יצחק סטריזשעווסקי — צו 36 ק'; אליעזר מרגלית 25 ק'; ס"ה 6.97 ר', געהט אראב פארטא, בלייבט 5.82 ר'. — ד"ר ד. גרינבערג 50 ק' — משה וויינטרויב 3 ר'. — רובין 25 ק'. — י. יאסקאלקא 25 ק'. — הינדה גאלדבערג 30 ק'. — N. N. 5 ק'. —

דער פעראיין „חלוצי ציון" אין ליעדז (ענגלאנד), גראטולירענדיג סטודענט יחזקאל ווארטסמאן ווען ער האט זיין טיטול דאקטאר בעקומען, איז מנדב 6 שילינג פיר נאציאנאלפאנד. — אין חאדארקאוו האט ה' בן ציון יאנושפאלסקי צוזאמען געקליבען אויף דער חתונה פון מר אהרן לעוויטאס עם הכלה מרת אווראשקע פיפילשטיין פיר דעם נאציאנאלפאנד פון די פאלגענדע: יוסף סטראזשניק, ליב דראפאצקי, משה גוראלניק, יעקב יאראשעצקי, טודרוס זיסקינד — צו 20 ק'; דוד גער, יוסף שאפירא, יעקב גער, אליעזר לייבענגרוב, אליהו יאנאשפאלסקי, בן ציון יאנאשפאלסקי — צו 15 ק'; יצחק בואווער, שלום קארעטניק, יהושע גאראדעצקי, מ. ח. רבינאוויטש, ישראל סטאלבאן, מרדכי זיסקינד, דוב סעקארסקי, צדוק וויינשטיין, פסח סטראזשניק, פישיל ווינאקאר, ראובן דראפאצקי, שלמה לעוויטאס, אהרן לעוויטאס — צו 10 ק'; זאב קאמינער 6 ק'; מאני קאטליארסקי, יעקב סלאבאדסקי, יהודה טורמאן, לוי בייטשטאק, ראובן וולאדימירסקי, צבי קאליענסקי, יהודה פאלישאק, משה גאניזא, אברהם מוטשניק, דוב יאנאשפאלסקי, נחום פאסטאווסקי, בן ציון לערמאן, יצחק זיידמאן, שמואל שפיגעל, אהרן גאראדעצקי, — צו 5 ק'. ס"ח 4.01 ר'; געהט אראב פארטא, בלייבט 3.86 ר'.

---



---

# דר. מ. גראָדזיענסקי
ארדינאַראַר אין קליניק פיר
## אינערליכע קראַנקהייטען
6—10 אין שפּיטאַל שוו. דוך (220)
נעהמט אַן קראַנקע ביז האלב 11 פריה
און פון האלב 3 ביז 5 נאך מיטאג
וואַרשוי, דזיקאַ 4 — (נאָוואָליפּקי 6)

---

פריוואט-אנשטאלט פון קינדבעטורין פון ד"ר וואָוועלבערג, לעשנאַ 79, וואַרשאַ נעהמט אַן אָרעמע קינדבעטורינס אומזאָנסט. פיר פערמעגליכע בעזונדערע צימער פאַר צאָהלונג. אומזאָנסטער אַמבולאַטאָריום פיר פרויען-קראַנקהייטען פון 10 ביז 12 פריה.
(4—20) 231

---

## „Chromolin"
## „כראָמאָלין" דאס איינציגע ניט שעדליכע מיטטעל
צום פוצען און קאָנסערווירען שוהווערק, מאַכט אַ זעלטענעם גלאַנץ פערקויף אין שוהווערק מאַגאַזינען און אַפּטעקען סקלאַדעם
10—12 (409)

אַגענטען ווערדען געזוכט
**L. Schneider,**
Warszawa Nowy-Świat 34.

---

בבית מסחר הספרים
## י. ראַזומאָווסקי בבערדיטשוב
ובהמחלקה שלו בוואַרשאַ, נאַלעווקי 34 אצל **א. צייטלענגאלד** נמכרים כל מיני ספרים במקחים נמוכים. (217) 8 50

---

פאַבריק פון פייערפעסטע 12 15 199
## אייזערנע קאַססעס
עמפּפעהלט איהר אויסאַרבייטונג נאָך נייעסטעם סיסטעם, קאָנקורירט מיט די פרייזען און פערגרעסערט די №№ געגען אַנדערע פאַבריקען
פרייז קוראַנטען פראַנקאַ
**Ш. Хари,** Варшава, Новолипье 40

---

## היימישע מיטטאָגען!
צו מעססיגע פרייזען, אויך פערשיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי
### אהרן משכיל-לאיתן
וואַרשאַ, גענשע 13, וואָהנונג 7,
16-טע אין טהויער, 2 שטאָק. (192)

---

Оптическо-Хирурги-
ческой складъ
И. ПИКЪ
Налевки 35 Варшава

ברוכבענדער עלעקטראַ-גאַלוואַנישע מיט גומי פעלאָטין, וועלכע האַלטען גענצליך איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפּער. ברוך- און בויכבענדער פיר פרויען, עלאַסטישע גומי-שטרימפּפע פיר געשוואָלענע פיס, גאַרסעטען פיר גאַרבאַטע, קינסטליכע פיס און הענד, שטוצנע אויגען, ברילען מיט בעלגישע גלעזער פיר קורצע און שוואַכע ראיה, ווי אויך אַללע אָפּטישע און חירורגישע אַרטיקעל אין גרויסען אויסוואַהל צו זעהר ביליגע פרייזען עמפּפעהלט אַפּטיק
### י. פּיק, נאַלעווקי 35 וואַרשאַ.
אַליין ווערד צוגעפּאַסט דורך ספּעציאַליסטען
234 3—25

---

בבית-מסחר-ספרים של
### ז. ש. שרעבערק, ווילנאַ, סטעפּענג.
נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.
Книжн. магаз. З. Ш. Среберка, Вильна. (225) 4—50

---

איינציגע ברוכבענדער, וועלכע היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך זינד נור „אלעקסאנדערס"



## נייעס!! נייעס!!
### ברוכבענדער עלעקטראַ-גאַלוואַנישע

היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך, און נאך 3 מאָנאַטליכען טראַגען ווירד דער ברוך גענצליך אויסגעהיילט. — זיי האַלטען גוט איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפּער, וועהרענד אָהנע עלעקטריע איז דאס אונמעגליך. **בויכבענדער** פיר פרויען, עלאַסטישע גוממי שטרימפּפע פיר געשוואָלענע פיס, ברילען מיט ווענעציאַנישע גלעזער, וועלכע שטערקען די אויגען, אַפּאַראַטע פיר העמערוידען, אויך אַנדערע כירורגישע און אָפּטישע אַרטיקעל עמפּפעהלט צו פאַבריקס פרייזען די לאַנג יעהריגע פירמאַ

**Хирургическо-Оптическій магазинъ**
подъ фирмою **Александеръ**
Сенаторская 22, Варшава

דאַ עס האַט זיך געצייגט אַז מען מאַכט נאָך אונזערע ברוכבענדער, ביטען וויר אויפמערקזאַם צו זיין אויף די אָריגינאַלע מיט'ן סטעמפּעל פון אונזער פירמאַ.

וויר בעזיצען הונדערטע דאַנקשרייבען פון די יעניגע וואָס האָבען געטראָגען אונזערע ברוכבענדער.

ביי בעשטעלונגען פער פּאָסט דאַרף מען נור איינשיקען דאס מאָס פון קערפּער הערום. — פרייז 1 זייטיגע 6 רובל, 2 זייטיגע 10 רובל. 149 14 50

די פירמאַ עגזיסטירט זייט 1885 יאָהר.

---

**Интересный и наилучшій подарокъ себѣ и знакомымъ.**

Не дорого и красиво и каждому доступно воспользоваться этимъ случаемъ. **Только за 1 р.** мѣдная надверная доска, красиво гравированная (имя, отчество и фамилія заказчика) черной эмалью, весьма красиво и изящно отдѣланная и отполированная. Имѣется также большой выборъ усовершенствованной домашней типографіи по самымъ дешевымъ цѣнамъ. Каждому доступно подарить себѣ и дѣтямъ, можно самимъ составить разные тексты. Мастерская также изготовляетъ всевозможные каучуковые штепеля, сургучныя и рельефныя печати, по умѣреннымъ цѣнамъ.

**Пріѣзжимъ мастерская изготовляетъ заказы въ продолженіи 2 часовъ.** Иногороднимъ высылается налож. платежомъ **на 35 коп дороже.**

Адресовать:
**Варшава, мастерская штемпелей Великсона Рымарская 3,** (рядомъ съ Государственымъ банкомъ).
Требуются агенты. Каталогъ высылается безплатно.

---

## פּאַריזער נייעסטע מאָדעלע
עמפּפעהלט דער בעקאַנטע מאַגאַזין פאַן דאַמען-מענטעל, וויערכזען צו פוטער און קאָסטיומען
**ד. באַראַדאַווסקי וואַרשאַ, לעשנאַ № 9 וואָהנ. 4**
אויפס פערלאַנג פערפערטיגע אַללער אַרט בעשטעלונגען אין 24 שטונדען.
147 13—25

---

## דאַמפּף-דרוקערייַ עט ליטאָגראַפיע
## פון ש. בעלכאַטאָווסקי אין פּיעטרקוב
איינגעאָרדענט לויט די נייעסטע סיסטעמע, מיט די שענסטע מאָדערנע שריפט און פערצירונגען, נעמט אָן צו דרוקען **אַלערליי ביכער: יודיש, רוסיש פּויליש, דייטש** א. ז. וו. אויף די לייכטעסטע בעדינגונגען. אויך פערשידענע עטיקעטען, פרייז-קוראַנטען, פאַבריטשנע ביכלעך, אויך אַלערליי אַנדערע סאָרטען דרוק אונד **ליטאָגראַפישע זאַכען.**
(212) אַלעס ווערט פּינקטליך און שנעל בעזאָרגט. 9—50

**Въ Типо-литографію Ш. Белхатовскаго, г.г. Петроковъ.**

---

# לעזט ביכער
אין 5 שפּראַכען
### אין צוקערמאַנ'ס לייה-ביבליאָטהעק
8—10 213
### וואַרשאַ, נאַלעווקי 7.

---

## י. שעקמאַן, וואַרשאַ.
פאַבריק פון זילבער 84 פּראָבע עט פּלאַטע-וואַארען. (128) 28 50




---

יעצט פערטיג פון דרוק
## ספורי ישורון
זעהר אינטערעסאַנטע ערצעהלונגען פון תלמוד אין זשאַרגאָן פרייז 30 קאָפּ.
4-5 צו בעקומען ביי: (326)
Книжный магазинъ
З. Ш. Среберка, Вильна.

---

**НУЖНЫ АГЕНТЫ**

для сбыта **издѣлій штемп. фабрикаціи** и **патент. предметовъ** со значительн. прибылью. **Первоклассн. производство. Не смѣшивать** съ другими **мелкими** заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и адр. **Каталоги** и условія **безплатно.** Конт. паров. типогр. и фабр. штемп. **И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ**

---

לצבי ולכבוד הגוי כלו, יי"ל:
## המהלה
### או גלריה של משוררי ישראל.
קובץ (אלבום) 94 תמונות משוררי עמנו מלבד התמונה אליגורית ושער מוזהב. למקהלה ערך ספרותי ואומנתי, לכל התמונות ביוגרפיות מדויקות ותגנצים מעשי-חשב ושלל צבעים. המקהלה היא נאה ויאה **לעלא מן כל תשבחתא** ומסוגלה בתור פרס לתלמיד, דורן לבר מצוה וכלי חמדה לכל הדוגל בשם ישראל. גדל מדתה רבע גליון, מכורכה כבד ומוזהבת. מחירה באנגליה 5 שיללינג, 6 פענס, עם המשלוח 6 שיללינג, ברוסיה עם המשלוח באחריות 3 רובל (בשטרות רוסיה או במרקאות הפוסתה בנות 10 קאפ') ובערך זה בכסף שאר הארצות. להשיגה בבתי מסחר הספרים לסוחרים ראבאט הגון. הסוכנים הראשים הם: 2—1 38
GREENBERG & Co.,
**LONDON 80 Chancery Lane, W. C.**

---

## בית-מסחר ספרים
## ב. צ. שיינפינקעל
### וואַרשאַ זלאַטע 63
מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים בתנאים נאותים למאד. (2 10) 9—50